# DER GOYRL FUN YIDISHE DOKTER IN LITE

Binjamin Bliudz

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

חיים בן-ציון אייזינבוד ✡ ברוך-מאיר אורבאַך ✡ הענעך שטוקאַרעוויטש

ד"ר בנימין בליודז

# דער גורל פון יידישן דאָקטער אין ליטע

יצחק איפּ

פּסח בער

שרה אליסקי-אַבראַמאָוו

בערטע בערמאַן-ריטענבערג

אברהם אַלפּערן

ליפּע בורשטיין

אברהם-זלמן לעווין

יצחק-אלחנן דובראַוויטש

מאַרקוס בערגער

אברהם דוגאָווסקי

פּראָפ' וולאַדימיר לאַזערסאָן

מושע (מאַשע) יאַכעלסאָן

ישראל גאָטלער

ראָזע גאָלאַך-זיסין

זרח גערבערג

בנימין גאָלאַך

ליזבע גורוויטש ✡ אליעזר (לייזער) יאָפּע ✡ בנימין בערגער

ISBN: ISBN:0-657-14482-7
Barcode/EAN: 9780657144821

רעגינע לאַזערסאָן־סאַפּאָטשינסקי

ברוך־יצחק כאָראַס • אברהם זילבערג

שבֿ״י־יעקב מאור (פּולערעוויטש)

ליאָווע (לוי) שטיין • מאיר יער • מאָטל יער

משה לאַנגמאַן • שמחה לאַבענסקי

שבתי (אַלעקסאַנדער) קאַנטאָראָוויטש

אַמאַרע און וועלף מאַרקאָווסקי • לעאָ שוואַרץ

מאָטל לייזעראָווסקי • חיים מעדאַליע

אברהם מישעלסקי • אלחנן עלקעס

ישראל־איזידאָר עליאַשעוו (בעל־מחשבות)

ד"ר בנימין בליודז

# דער גורל פון ייִדישן דאָקטער אין ליטע

הוצאת איגוד יוצאי ליטא בישראל

ארויסגעגעבן מיט דער הילף פון

איגוד יוצאי ליטא בישראל
הסוכנות היהודית
משרד הבריאות
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות
עירית פתח־תקוה
הועד הפועל של ההסתדרות
פֿאַנד א. נ. פון אברהם דב אַבראַהאַמס
„אָזע", פּאַריזש
און אַ גאַנצער ריי דאָקטוירים און פריינד,

וועמען דער אויטאָר דריקט אויס זיין אויפריכטיקסטן דאנק.

**
*

אַנגעהויבן פון געבורט און ביז צו זיין לעצטן אָטעמצוק באַגלייט דעם היינט־צייטיקן מענטש דער מעדיצין־טוער, דער דאָקטער — העלפט אים קומען און לעבן אויף דער וועלט.

פון קדמונים אָן ווערט ביי אונדז יידן הויך אָפגעשאַצט די הומאַנע טעטי־קייט פון דעם יעניקן, וואָס היילט דעם מענטש, בעת ער ווערט קראַנק, העלפט אויפהאַלטן זיין געזונט און איז אים מאריך ימים. כאַראַקטעריסטיש איז די זאָרג פאַרן געזונט פונעם מענטש, וואָס שפיגלט זיך אָפּ אינעם תלמודישן פאַרבאָט צו וווינען אין מקומות, וווּ ס'איז ניטאָ קיין רופא.

אין די משלי בן סירא זאָגט דער מחבר: „אויב דו ביסט קראַנק געוואָרן, טו תפילה צו גאָט... דערנאָך טרוי אָן דיין לעבן אין די הענט פונעם רופא, ווייל אויף דעם האָט אים גאָט געשאַפן און אים איינגעטיילט זיין חכמה"...

ס'איז אויך באַוווסט, אַז דער גרויסער רמב"ם, אַליין אַ באַרימטער בשעתו דאָקטער, האָט אויך אַרויסגעהויבן דעם באַטייט פון שיצן דאָס מענטשלעכע געזונט. אין זיינע ספרים דערווייזט ער, ווי וויכטיק עס איז „צו באַזייטיקן יעדן מכשול, וואָס קאָן אַריינברענגען דעם מענטש אין אַ סכנה", און באַטאָנט די וויכטיקייט פון רפואה.

אַ סך קאָריפייען פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, גרויסע דאָקטוירים, טרייע שומרים און באַשיצער פונעם געזונט פון די מענטשן האָבן יידן אַרויס־געגעבן פון זיך. אין דעם פרט זענען ניט געווען קיין יוצא מן הכלל אויך די ליטווישע יידן. די טוערס פון דער הומאַנסטער פראָפעסיע, די יידישע דאָקטוירים פון ליטע זענען טריי געווען דער שבועה, וועלכע מעדיצינער גיבן, צו שטעלן זייער וויסן אין דינסט פון די מענטשן, זיין טעטיק פאַר זייער וווּל.

די דאָקטוירים וואָס זענען ווערט דעם דאָזיקן נאָמען, זענען שטענדיק גרייט געווען צו טאָן זייער הייליקע שליחות — געבן מעדיצינישע הילף די, וועלכע באַ־דאַרפן עס. מיטן טשעמאָדאַנדל נויטיקסטע אינסטרומענטן און רפואות אין האַנט,

ביי טאָג און ביי נאַכט, ביי יעדן וועטער, אין רעגן און שניי האָט מען געקאָנט זען דעם דאָקטער איילן צו די קראַנקע.

זייער אָפּט קומט אויס דעם דאָקטער צו זיין ביים ענד פון אַ מענטשנס לעבן און קעמפן צו פאַרלענגערן זיין איטלעכע מינוט. דעם באַוווסטן קאָוונער דאָקטער אלחנן עלקעס איז באַשערט געווען צו שטיין בראש פון דער גרעסטער יידישער עדה אין ליטע בעת איר טראַגישן אונטערגאַנג און ראַנגלען זיך ווירדיק מיט די נאַצי־מחבלים כדי צו פאַרלענגערן איר קיום.

אַ באַדייטנדיקע צאָל פון די יידישע דאָקטוירים אין ליטע האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט זייער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט און זענען געווען אויך געזעלשאַפטלעך אַקטיוו.

צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק זענען די יידישע דאָקטוירים פון ליטע אויסגעשטאַנען די מוראדיקע רדיפות און בלוטיקע פּורענויות, וואָס יידן איז באַשערט געווען אויסצושטיין אין אונדזער דור. צוזאַמען מיטן רוב מנין ובנין פון זייערע פאָלקס־ברידער זענען אַ סך דאָקטוירים טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן אין דער חורבן־תקופה פונעם יידישן ישוב.

דערציילן וועגן גורל פון יידישן דאָקטער אין ליטע, וועגן זיין ראָל אין לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך אויפשטעלן אַ באַשיידענע מצבה אויפן אומבאַקאַנטן קבר פון די אומגעקומענע — איז דער ציל פון דאָזיקן בוך.

די אויפגאַבע איז ניט לייכט און צוגלייך זייער פאַראַנטוואָרטלעך. ניט האָבנדיק כמעט קיינע אַרכיוו־מאַטעריאַלן און אויטענטישע דאָקומענטן, האָט דער אויטאָר געזאַמלט די נייטיקע ידיעות פון דערשינענע ביכער וועגן ליטע און אויפגעשטעלט דעם פּאַקטישן מאַטעריאַל אַ דאַנק די זכרונות פון יחידים און אויפן סמך פון זיין אייגענער לאַנגיאָריקער געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג און דעם פּערזענלעכן קאָנטאַקט, וואָס ער האָט אויפגעהאַלטן מיטן רוב יידישע דאָקטוירים אַלס לייטער פון „אָזע", דער געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

פאַרשטייט זיך, אַז ווי געוויסנהאַפטיק מען זאָל ניט ווע‏לן זיין, איז ניט מעגלעך אויסצומיידן פעלערן און אודאי איז ניט אַלץ שלימותדיק אין דער פאָרליגנדיקער אַרבעט. בעט דער אויטאָר ניט נעמען פאַר אומגוט די אַלע בלויזן, ווייל געטאָן האָט ער די אַרויפגענומענע אויף זיך אויפגאַבע מיט די בעסטע כוונות.

## אַ ביסל עלטערע געשיכטע

דאָקומענטן דערווייזן, אַז אין 17טן יאָרהונדערט געפינען זיך שוין איין אין ליטע ידישע דאָקטוירים. צוועלף פאַרמעגלעכע אָרטיקע ידן האָבן געשיקט זייערע זין לערנען די חכמת הרפואה אין דער איטאַליענישער שטאָט פאַדואַ. אַנדערע זענען געפאָרן שטודירן מעדיצין קיין דייטשלאַנד, אין פראַנקפורט אויף דער אָדער.

פון דאָקומענטן דערוויסן מיר זיך אויך וועגן דער ווילנער משפחה גאָרדאָן, וואָס האָט געהאַט פיר מיטגלידער דאָקטוירים. דער עלטסטער אהרן גאָרדאָן, האָט אין די יאָרן 1692/95 געשטודירט מעדיצין אין פאַדואַ און אין יאָר 1713 באַקומען פון פוילישן קעניג אויגוסט דעם צווייטן אַן אימוניטעט־דיפלאָם, וואָס האָט אים געגעבן די פריווילעגיע צו לעבן מחוץ דער ידישער גאַס און פראַקטיצירן דאָרט ווי אַ רופא.

אין די יאָרן 1732/39 פראַקטיצירן שוין נאָך דריי דאָקטוירים פון דער זעלבער משפחה. אַ ביסל שפּעטער, אין מיטן 18טן יאָרהונדערט, ווערט אין ווילנע געגרינדעט אַ הויכשול מיט אַ מעדיצינישן פאַקולטעט, ווו מען האָט אָנגענומען ידן.

אין די פוילישע אוניווערסיטעטן האָבן ידן קיין צוטריט ניט געהאַט. די מעדיציניש־כירורגישע אַקאַדעמיע אין וואַרשע, ווו מען פלעגט יאָ אָננעמען אַ געוויסע צאָל ידן, איז געשלאָסן געוואָרן אין יאָר 1842. גובר זענענדיק גרויסע שוועריקייטן האָבן ידישע יונגעלייט פון ליטע אָנגעהויבן שטודירן מעדיצין אין רוסישע הויכשולן, בעיקר אין יוריעוו (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו — עסטלאַנד), ווי אויך אין וואַרשע און זעלטענער אין מאָסקווע.

אָנהויב 19טן יאָרהונדערט עקזיסטירן שוין ידישע שפּיטעלער אין ווילנע, קאָוונע און אַ קליינער שפּיטאָל אין ווילקאָמיר, שפּעטער אויך

אין פאַנעוועזש. אַ געוויסע צייט האָט עקזיסטירט אַ קליינער ידישער שפּיטאָל אין ראַסיין.

די פּראָפעסיאָנעלע ראָל פון ידישן דאָקטער אין ליטע איז שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ באַדייטנדיקע. מען האָט אים גע־קאָנט געפינען כמעט אין יעדן גרעסערן פּראָווינץ־שטעטל. אַ ריי ידישע דאָקטוירים האָט געאַרבעט אין קאָוונער ידישן שפּיטאָל „בקור־חולים".

אינעם אַרטיקל פון לעאָן סאַווידזש „סילועטן פון דער אַמאָליקער קאָוונער אינטעליגענץ" (בוך „ליטע", באַנד 1) לייענען מיר וועגן די ידישע דאָקטוירים פון ליטע אין די יאָרן 1904/14:

„די ידישע דאָקטוירים זענען געווען אומבאַשטריטענע פירער אין דער פּראָפעסיע. דער אַלטער דאָקטער י. פיינבערג, אויף סאַדאָווער גאַס, איז געווען באַוווסט אַלס אַווטאָריטעט אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט ניט נאָר אין גאַנץ רוסלאַנד, נאָר אויך אין דייטשלאַנד. זיינע אַרטיקלען און מאָנאָגראַפיעס האָבן זיך געדרוקט אין ערשטקלאַסיקע מעדיצינישע זשורנאַלן אין מערב־אייראָפּע. ד"ר י. מאַיראָוויטש איז געווען אַ כירורג פון ערשטן ראַנג. ד"ר א. לאַפּין און ד"ר איסערסאָן האָבן זיך געשאַפן אַ רעפּוטאַציע אַלס דערמאַטאָלאָגן און ספּעציאַליסטן פון ווענערישע קראַנקייטן. ד"ר מענדעלסאָן איז געווען אַ דערפאַרענער ספּעציאַליסט פון אינערלעכע קראַנקייטן".

און ווייטער שרייבט דער אויטאָר: „איך געדענק אויך דעם גרויסן נאָמען, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן די דאָקטוירים קאַצין, אַבראַמסאָן, פרומקין, דער יונגער א. פיינבערג. ד"ר מאַרקיר איז געווען אַ דערפאַלג־רייכער אַקושער, און די דאָקטוירים ראַבינאָוויטש, סאַקס און שוואַרץ זענען געווען ברייט באַקאַנט ווי גינעקאָלאָגן".

אין דעם זעלביקן אַרטיקל ווערט ברייטער באַלויכטן די פּערזענלעכ־קייט און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דעם אַלטן ד"ר י. פיינבערג. מיר דערוויסן זיך, אַז ער איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער גרופּע פון די ידיש־רוסישע פּאָליטיקער, וועלכע האָבן אונטער דער פירערשאַפט פון באַוווסטן אַדוואָקאַט מ. ווינאַווער באַשיצט די ידישע אינטערעסן, געקעמפט קעגן ווילקיר פון די צאַרישע שררות. „ד"ר י. פיינבערג האָט זיך דערדינט דעם טיטל פון ציווילן גענעראַל. די ליטווישע ידן האָבן שטאָלצירט מיט אים, און די קריסטלעכע וועלט האָט געהאָט אַפּשיי פאַר

דעם יידישן גענעראַל, וועלכער האָט געקאָנט האַלטן אַ גלענצנדיקע רעדע אין העברעיש. אַרום אים איז געשאַפן געוואָרן אַ לעגענדע, וועלכע קאָוו־נער יידן האָבן קולטיווירט".

געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1912.

אין יאָר 1908 האָט אַ געוויסע צייט אין קאָוונע פּראַקטיצירט ווי אַ נערוון־דאָקטער איזידאָר עליאַשעוו (בעל מחשבות, דער פאָטער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור־קריטיק).

## נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה

ס'איז דאָ איבעריק אויספירלעך צו שילדערן דעם חורבן, וועלכן ס'האָט אָנגעמאַכט דעם יידישן יישוב אין ליטע די ערשטע וועלט־מלחמה 1914—1918. חרובע שטעט און שטעטלעך, צענדליקער טויזנטער פון זייערע היימען פאַרטריבענע משפחות. ווי באַוווסט, האָבן די צאַרישע מיליטעריש קאָמאַנדירן געזוכט אַרויפצוּוואַרפן אויף דער יידישער באַפעלקערונג די שולד פון זייערע פראָנט־מפלות. מען האָט באַשולדיקט די יידן אין שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד, פאַרגעוואָרפן, אַז זיי האַלטן פאַרשטעקט אין די בערד אַפּאַראַטן איבערצוגעבן געהיימע סיגנאַלן דעם שונא. אויך אַנדערע ווילדע בלבולים האָבן געהעצט דעם המון קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. הונדערטער אומשולדיקע יידן זענען אָן אָן אויספאָרשונג און אָן אַ משפּט אויפגעהאָנגען געוואָרן.

דאַן איז געקומען דער טרויעריק באַרימטער „גירוש". יונג און אַלט, מענער, פרויען און קינדער האָט מען אין משך פון שעהן אַרויסגעריסן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער און פאַרטריבן, ווי זיי שטייען און גייען, אין טיפע ראַיאָנען פון דער רוסישער אימפעריע, וווּ זיי זענען אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער נויט.

אַ גאַר ברייט פאַרצווייגטע הילפס־אַרבעט פאַר די פּליטים („בעזשענצעס") איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס „יעקאָפּאָ" (יידישער קאָמיטעט צו העלפן מלחמה־געליטענע) און „אָזע" (געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג). זייער טעטיקייט האָט אַרומגעכאַפּט מאַטעריעלע שטיצע פאַר די נויט לײַדנדיקע, גרינדונג און אויסהאַלט פון קינדער־גערטנער און קינדער־היימען, מעדיצינישע הילף און אַנדערע סאָציאַלע דינסטן.

מיט ענטוזיאַזם און גרענצלאָזער איבערגעגעבנקייט האָבן זיך אַריינ־געוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט פאַר די פליטים צענדליקער יונגע ידישע דאָקטוירים און סטודענטן־מעדיקער. צווישן זיי איז געווען דער יונגער קאָוונער דאָקטער שמעון פּרומקין.

ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקע ליטווישע רעפּובליק (1918 י.) האָבן די ידישע פליטים גענומען זיך אומקערן אין זייערע פריערדיקע וווינערטער. ס׳איז איבעריק צו אונטערשטרייכן, אַז דער מצב פון די צוריקגעקומענע איז געווען ביז גאָר אַ שווערער. זייערע היימען — חרוב ומוחרב, האָבן די מענטשן געמוזט זיך אויפהאַלטן אין די שטיבלעך פון בתי־מדרשים. ס׳האָבן זיך באַוויזן פלעקטיפוס און אַנדערע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. זיי צו באַקעמפן האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל דער סאַניטאַר־מעדיצינישער אַמט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים ידישן נאַציאָנאַל־ראַט (ווי באַוווסט האָבן די ידן געהאַט אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין די ראַמען פון דער יונגער ליטווישער רעפּובליק). פאַר דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ האָט דער דאָזיקער אַמט געזאָרגט פאַר די עטלעכע ידישע שפּיטעלער אין ליטע, זיך פאַרנומען מיטן באַ־קעמפן דעם פּאַווס (פּאַרך), וואָס איז דעמאָלט שטאַרק פאַרשפּרייט געווען ביי די קינדער פון דער ידישער אָרעמקייט. דער אַמט האָט געעפנט די ערשטע שוועסטער־שול ביים קאָוונער ידישן שפּיטאָל.

אין דעם סאַניטאַר־מעדיצינישן אַמט זענען אַקטיוו געווען די דאָק־טוירים ב. בערגער, ד. א. קאַצין, ט. מאיראָוויטש, א. לאַפּין, א. פיינבערג און אַנדערע. אין דער אַרבעט האָט זיך אויך באַטייליקט ד״ר איזידאָר עליאַשעוו (בעל־מחשבות). צוליב זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד האָט ער קיין שווערע אויפגאַבעס ניט געקאָנט אויף זיך נעמען, אָבער צו די זיצונגען פלעגט ער קומען. אויף איינער פון די דאָזיקע זיצונגען האָט ער זיך שטאַרק אויפגערעגט צוליב דעם, וואָס דער פאַרשטייער פון „דזשאָינט״ האָט געהאַלטן, אַז די אים צוגעשטעלטע מאַטעריאַלן זענען ניט גענוג צו אַסיגנירן גרעסערע מיטלען פאַר דער טעטיקייט פונעם סאַניטאַר־מעדיצי־נישן אַמט. דעם ד״ר א. עליאַשעוו האָבן געשטיצט אַלע אָנטיילנעמער פון דער זיצונג.

אינעם אויפטראָג פון אָט דעם אַמט האָט דער אויטאָר פון דאָזיקן בוך געפאָרשט דעם סאַניטאַר־מעדיצינישן מצב פון דער ידישער באַפעל־

קערונג. צו דעם צוועק פלעגט אים אויך אויסקומען אַרומצופאָרן איבער ליטע, באַזוכן שטעט און שטעטלעך. די פאַרבינדונג איז געווען אַ שווערע און מען האָט געמוזט כאָרן מיטן דאַמפּער, מיט דער קליינבאַן, פאָרן מיט פורן און אפילו גיין גאַנצע שטרעקעס צו פוס. פון איינעם אַזאַ באַזוך געדענקט זיך די פערזאָן פון ד״ר גליקמאַן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דעם קליינעם ידישן שפּיטאָל אין ראַסיין. שפּעטער האָט אים פאַרביטן ד״ר ז. ל. יאַסוואַנסקי. אין ראַסיין האָט אויך געאַרבעט אַן עלטערער דאָקטער מאַנקאָווסקי, אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דער אַמאָליקער רוסיש־ידישער אינטעליגענץ.

צו יענער צייט האָבן אָנגעהויבן פּראַקטיצירן אין קאָוונע די שפּעטער זייער פּאָפּולער געוואָרענע אינטערניסטן ב. בערגער און א. על־קעס, דער אָקושער און גינעקאָלאָג י. לעוויטאַן, דער ווענעראָלאָג י. גפן (געשטאָרבן אין 1930); פּאָפּולער איז אויך געווען דער הויפּט־דאָקטער פון ידישן שפּיטאָל „ביקור חולים" ב. גאַלאַך.

צוזאַמען מיטן וווקס פון דער אַלגעמיינער און דער ידישער באַ־פעלקערונג איז געוואַקסן די ידישע דאָקטוירים־משפּחה. עס קומט אויף און ווערט אין משך פון דער צייט באַקאַנט אַ נייע פּלעיאַדע ידישע דאָק־טוירים. אין קאָוונע זענען עס די אינטערניסטן מ. בערמאַן, מ. בראָונס, ח. פינקעלשטיין, ל. גערשטיין; די קינדער־דאָקטוירים ל. פינקעלשטיין, ס. קאַמבער, ש. אַלייסקי; דער גוינעקאָלאָג וו. לאַזערסאָן, דער ער־שטער ייד, אַ דאָצענט אין קאָוונער אוניווערסיטעט, און נאָך און נאָך דאָקטוירים, וואָס האָבן מיט זייער וויסן און איבערגעבנקייט צו די קראַנקע זיך דערוואָרבן גרויס אַכטונג און דאַנק פון די פּאַציענטן.

אויך אין דער ליטווישער פּראָווינץ איז צו יענער צייט שוין טעטיק אַ באַדייטנדיקע צאָל ידישע דאָקטוירים.

שטאַרק פּאָפּולער איז אין גאַנץ ליטע דער פּאַנעוועזשער דאָקטער שכנא מער (געשטאָרבן אין יאָר 1930). טעטיק זענען אין פּאַנעוועזש די דאָקטוירים־אינטערניסטן ח. ב. אייזינבוד, ט. גוטמאַן, י. באַראַק ווי אויך די דאָקטוירים־משפּחה גאַלאַמבעק — דער פאָטער עזריאל און די זין אפרים און מאיר, די דאָקטוירים י. בערנשטיין, י. ברעגאָווסקי.

ווייט איבער די גרענצען פון דער שטאָט שאָול הערט מען די נעמען פון די דאָרטיקע ידישע דאָקטוירים, די טעראַפּעווטן א. פיק, ג. דירעק־

טאַראָוויטש, די פעדיאַטערן א. ראַזאָווסקי, ק. בלעכער, די באַקאַנטע אויגן־דאָקטערין פּ. מעץ־שאַפּיראָ.

אין ווילקאָמיר זענען דערפּאָלגרייך טעטיק די יידישע אינערן־דאָקטוירים ח. ראַכמיל, א. קאַרלינסקי (געווען אַ געוויסע צייט קרייז־דאָקטער), זייערע קאָלעגן ד. ראַזענפעלד און ח. מעדאַליע אַרבעטן אין מאַריאַמפּאָל. באַקאַנט איז אין טאַווריג און אומגעגנט דער אינערן־דאָקטער י. שאַפּיראָ. אין שאַדעווע פּראַקטיצירן דערפּאָלגרייך מ. עפּשטיין און מ. פּאַטורסקי.

אין דער בלי־צייט פון יידישן יישוב אין ליטע — אין דער צווישנ־צייט פון דער ערשטער און דער צווייטער וועלט־מלחמה — איז אויפגע־קומען אין ליטע אַ רייך און פילפאַרביק יידיש־נאַציאָנאַל לעבן, אין וועלכן די דאָקטוירים האָבן זיך באַטייליקט ניט בלויז פּראָפעסיאָנעל נאָר אויך געזעלשאַפטלעך. בראש פון יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעל־שאַפטן שטייען דאָקטוירים. געגנוג צו דערמאָנען די פירנדיקע טוער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג — די דאָקטוירים ד. מ. שוואַרץ, יוסף און בנימין בערגער (יוסף איז אַ געוויסע צייט געווען דעפּוטאַט פון ליט־ווישן סיים — דעם פּאַרלאַמענט פון לאַנד), י. לעוויטאַן, אַ. לאַפּין, א. דובראָוויטש.

אַ. באַדייטנדיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן ספּאָרט האָט געשפּילט ד״ר א. סעגאַל.

ס׳איז ברייט באַקאַנט דער נאָמען פון ד״ר א. בערמאַן, מעדיצינער און פּעדאַגאָג, דירעקטאָר פון דער העברעישער גימנאַזיע („שוואַבעס״) אין קאָוונע.

אין דער יידישיסטיש־פּאָלקיסטישער באַוועגונג איז די פירנדיקע פיגור ד״ר מענדל סודאַרסקי, אַן אויגנדאָקטער און רענטגענאָלאָג. אויך ד״ר י. איפּ באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער טעטיקייט פון אָט דער באַ־וועגונג. ד״ר ל. עפּשטיין איז געווען אַ דעפּוטאַט פון ליטווישן סיים מצד דער ליטווישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אין אַ באַשרענקטן אומפאַנג, אָבער דאָך האָבן דאָקטוירים יידן זיך באַטייליקט אין דער טעטיקייט פון ליטוויש־רעפּובליקאַנישע געזונט־הייט־אינסטיטוציעס. דעם פּטיזיאַטער ד״ר ל. קאַגאַן און דעם אויטאָר פון די שורות איז אויסגעקומען עטלעכע יאָר צו זיין אין פּאַרוואַלטונג פון

דער ליטווישער געזעלשאַפט צו באַקעמפן טובערקוליאָז, וועלכע איז געגרינדעט און אָנגעפירט געוואָרן פון ד״ר ק. גריניוס (געווען אַ קורצע צייט פרעזידענט פון דער ליטווישער רעפובליק ביז דער סמעטאָנישער איבערקערניש סוף 1926.) אויך האָט דער אויטאָר פון די שורות איבער צען יאָר פאַרטראָטן די יידישע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציעס אין דער פאַרוואַלטונג פונעם ליטווישן „פאַרבאַנד צום שוץ פון מוטער און קינד״.

לויט דער איניציאַטיוו פונעם סאַניטאַר־מעדיצינישן אַמט ביים יידישן נאַציאָנאַל־ראַט איז אין יאָר 1921 פאָרגעקומען אין קאָוונע די ערשטע קאָנפערענץ פון די יידישע דאָקטוירים, אין וועלכער ס׳האָט אָנטייל־גענומען אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים, געקומענע פון אַלע עקן ליטע. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז דעם אויטאָר פון בוך אויסגעקומען צו האַלטן אַ פאָרטראַג אויף דער טעמע: „די יידישע געזעלשאַפטלעכע מעדיצין און אירע אויפגאַבן״. דער פאָרטראַג איז פאַרעפנטלעכט אין דער דעמאָלט איינציקער יידישער צייטונג „די אידישע שטימע״ און שטעלט מיט זיך פאָר די אַרבעט־פּראָגראַם פון דער געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג „אָזע״, ראשי תיבות פון דעם רוסישן נאָמען פון דער געזעלשאַפט („אָבשטשעסטוואָ זדראַוואָכראַ־נעניאַ יעווריייעוו״), וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין פעטערבורג, אין יאָר 1912.

## „אָזע“ אין ליטע

פאַרן ליקווידירן דעם סאַניטאַר־מעדיצינישן אַמט ביים ידישן נאַציאָנאַל־ראַט (סוף 1921) האָט זיך אין קאָוונע געשאַפן אַ איניציאַטיוו־גרופּע צו גרינדן די געזעלשאַפט „אָזע“ אין ליטע. ס'איז געקומען פון סאָוועטן־רוסלאַנד ד"ר לאַזאַר גורוויטש, וועלכער האָט שוין געהאַט הינטער זיך צען יאָר אַרבעט אין רוסלענדישן „אָזע“. (הגם ער איז געווען אַ יוריסט לויט זיין בילדונג, האָט ער זיך בלב ונפש איבערגעגעבן דער אידייע פון יידישן געזונט־שוץ). ער האָט געשטאַמט פון פּאַנעוועזש און בלייבנדיק אין ליטע בלויז אַ קורצע צייט (ביז זיין אָפּפאָר קיין בערלין, וווּ ער איז געוואָרן איינער פון די גרינדער פון דעם וועלט־פאַרבאַנד „אָזע“), האָט ער פון דעסטוועגן באַוויזן צו קאָנסאָלידירן אין קאָוונע אַ גרופּע דאָקטוירים און געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס האָט געגרינדעט דעם ליטווישן „אָזע“. דער גרונט־ציל איז געווען פּראָפילאַקטיק — פאַרהיטן פון קראַנקייטן די יידישע באַפעלקערונג און זאָרגן פאַרן געזונט פון די יידישע קינדער. אין ערשטן „אָזע“־קאָמיטעט זענען אַריין די דאָקטוירים ל. פינקעלשטיין, ז. ליימאַן (דער גרינדער פון קאָוונער יידישן קינדער־הויז, שפּעטער פון „כפר ילדים“ אין בן־שמן), וו. לאַזערסאָן, פּרופ' ב. ריטענבערג־בערמאַן, ס. קאַמבער, פּרופ' ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין, ד"ר ל. שוואַרץ, ב. סטראַסבורג, א. בערמאַן, א. פוקס, פּרופ' ד. בערקמאַן, די פּעדאַגאָגין העלענע כאַצקעלס. שפּעטער זענען אַריין אין קאָמיטעט די דאָקטוירים אַ. לאַפּין, ב. גאַלאַך, וו. געפּען, מ. סודאַרסקי, דער פינאַנץ־טוער ב. ברודני, ווי אויך דער דירעקטאָר פון „היאַס“ י. ראַזאָווסקי. ד"ר ב. בליודז געהערט צום קאָמיטעט און פירט אָן מיט דער „אָזע“־אַרבעט פון דער גרינדונג ביז צו דער ליקווידאַציע פון דער געזעלשאַפט אין יאָר 1940, ווען ליטע איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צום ראַטנפאַרבאַנד.

אין משך פון כמעט צוואַנציק יאָר איז ד"ר ש. קאַבאַקער אַ מיט־גליד פון דער רעוויזיע־קאָמיסיע פון „אָזע". דער ערשטער שול־דאָקטער ביי „אָזע" איז געווען וו. לאַזערסאָן. די ערשטע שוועסטער — פּ. גורוויטש־ברודע, וועלכע פירט שפּעטער, שוין אַלס דאָקטער, די „אָזע"־אַרבעט אין מאַזשייק. נאָך וו. לאַזערסאָנען איז די שול־דאָקטערין פון „אָזע" פרוי ב. בערמאַן־ריטענבערג. קראַנקן־שוועסטערס זענען געווען מ. גורעוויטש און ע. קאַנטאָר־ברודע, וועלכע אַרבעט שפּעטער אַלס שול־דאָקטער. זינט דער גרינדונג פירט אָן מיט דער קינדער־קאָנסולטאַציע פרוי ד"ר א. רומשיסקי און די שוועסטער איז ז. קאַדישעוויטש.

די געזעלשאַפט „אָזע" איז צוגעטראָטן צו אַ פאַרצווייגטער טעטיקייט אויך אין דער ליטווישער פּראָווינץ. מיט דער צייט ווערן געגרינדעט 14 אָפּטיילונגען, אין וועלכע עס אַרבעט אַ גרויסע גרופּע דאָקטוירים. אַזוי איז אין משך פון יאָרן דער פאָרזיצער פון שאַוולער „אָזע" דער ד"ר א. פּיק, און טעטיקע מיטאַרבעטער זענען די דאָקטוירים ב. לעווין, א. ראָזאָווסקי, ג. דירעקטאָראָוויטש. אין פּאָנעוועזש איז דער גרינדער פון „אָזע" און איר איבערגעגעבענער פאָרזיצער ד"ר ש. מער. נאָך זיין טויט — ד"ר ט. גוטמאַן. אַקטיוו באַטייליקט זיך אין דער אַרבעט ד"ר ח. אייזינבוד. לאַנגע יאָרן איז דער שול־דאָקטער פון פּאָנעוועזשער „אָזע" פרוי ל. גורוויטש.

דער פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט און שול־דאָקטער אין ווילקאָמיר איז ח. ראַכמיל.

אין מאַריאַמפּאָל זענען אַקטיוו די דאָקטוירים ד. ראָזנפעלד און ח. מעראַליע.

אין ראַדווילישאָק איז דער גרינדער פון „אָזע" ד"ר י. איפּ. שפּעטער פאַרבייט אים ד"ר שיפּמאַנאָוויטש.

אין בירזש פירט די „אָזע"־אַרבעט ד"ר א. ז. לעווין, אין קיידאַן — ד"ר י. מוליער, אין טעלזש איז דער פאָרזיצער פון „אָזע" ד"ר ג. ח. מינוחין. שול־דאָקטער איז דאָרט מ. לוריע. אין ווילקאָווישק זענען איבערגעגעבענע „אָזע"־טוער די דאָקטוירים ה. ראַטשקאָווסקי און ב. שאַפּיראָ.

איינע פון די וויכטיקסטע צילן פון „אָזע" איז געווען צו שאַפן די מעגלעכקייט פאַר אָפּגעשוואַכטע קינדער פון די ידישע אָרעמע שיכטן אָפּצורוען זומער אין שויס פון דער נאַטור.

צווישן אַט די קינדער זענען, בעיקר אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן, געווען קראַנקע אויף ביינער־ און לימפדריזן־טובערקוליאָז. די „אזע״־דאָקטוירים האָבן איינגעפונען, אַז פאַר אזוינע קראַנקע וואָלט געווען נוצלעך צו פאַרברענגען די זומער־חדשים ביים ברעג ים אין פּאַלאַנגען. מען האָט געזוכט צו גרינדן דאָרט כאָטש אַ באַשיידענע קינדער־סאַנאַטאָריע. די מיטלען אויף דעם האָבן געגעבן די דרום־אַפריקאַנישע ייִדן. ניט לייכט איז געווען צו געפינען אַ דאַטשע, וועלכע דער בעל־הבית זאָל מסכים זיין צו פאַרדינגען פאַר אַזאַ אַנשטאַלט. אין איין גרופּע פלעגן אַריינגענומען ווערן 25 קינדער. מען האָט אָבער געמוזט איבערלאָזן די קינדער אויף אַ צווייטן טערמין. צוליב דעם פלעגן אין די זומער־חדשים דורכגיין די סאַנאַטאָריע בלויז 50—60 קינדער.

ביים איינציקן ייִדישן דאָקטער אין פּאַלאַנגען ט. גוטמאַן האָט די סאַנאַטאָריע אַרויסגערופן אַ וואַרעמען אינטערעס. ער האָט זיך אָפּגעגעבן ניט נאָר מיטן היילן די קינדער, נאָר מיטגעהאָלפן אָרגאַניזירן דעם אַנשטאַלט. דעם צווייטן זומער איז ער שוין געווען אַריבערגעפאָרן קיין פּאַנעוועזש. געבליבן איז אין פּאַלאַנגען זיין עלטערער ברודער ל. גוטמאַן, אַ נוירא־פּאַטאָלאָג, שוין ניט קיין יונגער מענטש, אַן אַנטיילנעמער אין רוסיש־יאַפּאַנישן קריג. הגם ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען און ווייט פון פּעדיאַטריע, האָט ער פון דעסטוועגן געגעבן זיין הסכמה אָנצופירן מיט דער קינדער־סאַנאַטאָריע. אָפּט פלעגט מען קאָנען טרעפן אַזאַ בילד: דאָס וואַרטע־צימער פון זיין פּריוואַטן קאַבינעט איז פול מיט מענטשן, און דער דאָקטער אַליין איז ביי די קינדער, וועלכע געפינען זיך לעבן ים. דער דאָקטער האָט זיך צוגעוווינט צו די קינדער און אָפּגעגעבן זיי פיל צייט און ליבשאַפט. מען דאַרף אויך דערמאָנען צוויי יונגע מיטאַרבעטערס פון יענעם אַנשטאַלט: די קראַנקן־שוועסטער ב. פּילניק־כהן (לעבט איצט אין ישראל) און דעם דעמאָלטדיקן סטודענט־מעדיקער ג. פּאַריסקאַ, וועלכער האָט שפּעטער פּראַקטיצירט אין פּאַריז און ווי אַ פראַנצויזישער מיליטער־דאָקטער אומגעקומען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. בײדע האָבן זיי זיך בלב ונפש אָפּגעגעבן דער אַרבעט אַרום די קראַנקע קינדער, אַליין געטראָגן זיי אויף טראַגבעטלעך צום ים.

די סאַנאַטאָריע האָט עקזיסטירט בסך הכל דריי יאָר (1922—1924),

און עס זענען דורכגעגאַנגען דורך איר 159 קינדער. ס'האָבן אויפגעהערט אָנצוקומען די מיטלען, און מען האָט געמוזט דעם אַנשטאַלט שליסן.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום עפּנט „אָזע" אַ קינדער־קאָלאָניע אינעם וואַלד פון קאַזלו־רודאַ. אין יאָר 1928 ווערט די קאָלאָניע אַריבערגעטראָגן קיין בירשטאָן. די בירשטאָנער קינדער־קאָלאָניע האָט זיך געפונען אין אַ פּרעכטיקן וואַלד, ניט ווייט פון נעמאַן. ביי טאָג פלעגן די קינדער זיין אויפן פּליאַזש, אין וואַלד, און געניסן פון דער שיינער אַרומיקער נאַטור. נעכטיקן פלעגט זיי אָבער אויסקומען אין ווייט ניט קיין צוגעפּאַסטע גע־דונגענע שטיבלעך. אין בירשטאָן האָט זיך געפונען די פּריוואַטע סאַנאַ־טאָריע פון די דאָקטוירים ל. שוואַרץ און זיין פרוי ס. שוואַרץ־פינקעל־שטיין, וועלכע האָט גענומען אויף זיך די מעדיצינישע השגחה איבער די קינדער פון דער „אָזע"־קאָלאָניע. איר פאָטער, דער באַוווסטער אַד־וואָקאַט עוזר פינקעלשטיין און זיינע ברידער איסאַק און יעקב האָבן באַשלאָסן צו שפּענדן יעדערער אַ גרויסע סומע אויף אַ פּאַסיקן בנין פאַר דער קינדער־קאָלאָניע. אָן אָרט פאַרן נייעם בנין איז געפונען געוואָרן אין קאַרמעלאַווע, לעבן קאָוונע, אין אַ גוטן סאָסנע־וואַלד, ניט ווייט פון דער ווילייע. מען האָט אויפגעבויט אַ שיינע צווישטאָקיקע ווילע מיט אַן עס־זאַל און אַלע מעגלעכע באַקוועמלעכקייטן. אין דער דאָזיקער קינדער־קאָלאָניע פלעגן זומער דורכגיין ביי 330 קינדער פון אומפאַרמעגלעכע ידישע משפחות. די מעדיצינישע אויפזיכט האָט איבער זיי געהאַט די דאָקטערין ע. קאָנטאָר־ברודע און די קראַנקן־שוועסטער ר. שאַפּיראָ־גאָר. אין זייער באַשיידנקייט האָבן די ברידער פינקעלשטיין ניט דערלויבט אָפּצומערקן, אַז דער בנין איז אויפגעבויט אַ דאַנק זייער פינאַנסיעלער הילף.

אויך די „אָזע"־אָפּטיילונגען אין די פּראָווינץ־שטעט שאַוול, ווילקאָ־מיר, פּאָנעוועזש און טעלזש אָרגאַניזירן ענלעכע זומער־קאָלאָניעס פאַר אָפּגעשוואַכטע קינדער. אין אַ סך שטעטלעך זענען איינגעאָרדנט געוואָרן זומערדיקע שפּיל־פּלעצער, וווּ ידישע קינדער פלעגן פאַרברענגען אַ גרויסן טייל פון טאָג, פלעגן באַקומען צוויי מאָל עסן און זיך געפונען אונטער דער השגחה פון דאָקטוירים און דערציערס.

אַ וויכטיקע ראָל ביים פאַרהיטן דאָס פאָלקס־געזונט און ביים היילן אומבאַמיטלטע קראַנקע האָבן געשפּילט די „אָזע"־אַמבולאַטאָריעס, וואָס

האָבן פונקציאָנירט אין אַכט ליטווישע שטעט. אין דער קאָוונער אַמבולאַ־טאָריע האָבן געאַרבעט 14 דאָקטוירים און 5 ציין־דאָקטוירים. צווישן זיי: אינערן־קראַנקייטן — ש. קאַבאַקער; הויט־קראַנקייטן — י. איפּ. און א. סובאַצקי; אויערן־ האַלדז־ און נאָז־קראַנקייטן — ל. ראַכמילע־וויטש און ב. בליודז; פרויען־קראַנקייטן — פרופ׳ פּ. אַזשינסקי; קינדער־קראַנקייטן — די דאָקטערינס ש. אַלייסקי, ס. קאַמבער, אַ. רומשיסקי. קאָנסולטאַנט איז געווען ל. פינקעלשטיין.

ביז דער גרינדונג פון די קראַנקן־קאַסעס אין יאָר 1928 האָבן די „אָזע״־אַמבולאַטאָריעס געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין פּרט פון שאַפן צוטריטלעכע מעדיצינישע הילף פאַר די אָרעמע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳איז כדאי אָפּצומערקן, אז די „אָזע״־אַמבולאַטאָריעס האָבן צוגעטיילט מעדיצינישע הילף אויך פאַר ניט־יידישע פּאַציענטן. זייער צאָל פלעגט אָפּט גרייכן ביז 40%.

אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דער טעטיקייט פון „אָזע״ זענען געווען די שוועסטער־קורסן, וואָס די געזעלשאַפט האָט געעפנט גלייך נאָך דעם, ווי ס׳איז ליקווידירט געוואָרן דער סאַניטאַר־מעדיצינישער אַמט ביים יידישן נאַציאָנאַל־ראַט. די ערשטע לעקטאָרן אויף די קורסן זענען געווען די דאָקטוירים ב. סטראַסבורג, א. לוריע. די שוועסטער־קורסן האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל ניט בלויז צוצוגרייטן פּראָפעסיאָנעלע קראַנקן־שוועסטערס, נאָר אויך שאַפן אַ קאָנטיגענט פרויען, וואָס זאָל פאַרשפּרייטן מעדיצין־היגיענישע ידיעות צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. איבער 200 מיידלעך און פרויען האָבן פאַרענדיקט די דאָזיקע קורסן און גע־בילדעט אַ באַדייטנדיקן הילפס־פּערסאָנאַל פאַר דער טעטיקייט פון די יידישע דאָקטוירים אין ליטע.

יאָרן לאַנג האָבן אין די קורסן געלייענט לעקציעס די דאָקטוירים פּרופ׳ ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין, י. איפּ, ל. פינקעלשטיין, פּרופ׳ ס. קאַמבער, ח. קיבאַרסקי, פּרופ׳ פּ. אַזשינסקי, מ. בראַונס, וו. לאַזערסאָן און דער שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט אויך אָנגעפירט מיט די קורסן. מיט די פּראַקטישע אַרבעטן פון די קורסאַנטינס אין יידישן שפּיטאָל האָט אָנ־געפירט די דאָקטערין ה. סעגאַלאָווסקי.

די טעטיקייט פון „אָזע״ אין קאָוונע איז געפירט געוואָרן אינעם גע־זונטהייט־הויז אויפן נאָמען פון ד״ר ש. פרומקין. דאָקטער פרומקין איז

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1888, דאָ געענדיקט גימנאַזיע. מעדיצין האָט ער געשטודירט אין מאָסקווער און בערלינער אוניווערסיטעטן. פּראַקטיצירן האָט ער אָנגעהויבן אין פּעטערבורג. אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, וואַרפט ער זיך אַריין אין דער הילפס־אַרבעט פאַר די יידישע פּליטים („בעזשענצעס") צוערשט אין „יעקאָפּאָ", שפּעטער אין „אָזע", ווו ער ווערט דער אָרגאַניזאַטאָר פון מעדיצינישע גרופּעס און באַשפּייזונג־פּונקטן. ש. פרומקין פאַלט אַ קרבן פון זיין דאָקטער־פליכט — ער שטעקט זיך אָן מיט פלעק־טיפוס און שטאַרבט אין יאָר 1918, אין עלטער פון 31 יאָר. כדי צו פאַראייביקן זיין נאָמען האָט זיין משפחה בריייט געהאָלפן דעם בוי פון דעם „געזונטהייט־הויז" פון „אָזע" אין קאָוונע, וואָס איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1928. דאָס איז געווען אַן איינציקאַרטיקער פּראָפילאַקטיש־געזעלשאַפטלעכער אַנשטאַלט און האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל ביים פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דעם „געזונטהייט־הויז" א.נ. פון ד"ר ש. פרומקין האָט זיך קאָנצענטרירט די שטאַרק פאַרצווייגטע היגיענישע־אויפקלערערישע אַרבעט פון „אָזע". זי איז געפירט געוואָרן אין פאַרעם פון פאַרלעזונגען, פון אַרויסלאָזן פּלאַקאַטן און פלוגבלעטער, פון פאַרשפּרייטן דעם זשורנאַל „פאָלקס־געזונט", וואָס איז דערשינען אין ווילנע. עס זענען פּובליקירט געוואָרן היגיענישע „צען געבאָטן" פאַר שולקינדער. ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ קאַלענדער מיט אַ מעדיציניש־היגיענישן אינהאַלט.

אין „געזונטהייט־הויז" איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער יידישער היגיענע־מוזיי אין ליטע.

## קאָוונער יידישער שפּיטאָל „בקור חולים"

די קאָוונער אַלטע תושבים האָבן אין די 20־ער יאָרן געהאַלטן, אַז דער שטאָטישער יידישער שפּיטאָל „בקור חולים" עקזיסטירט שוין 100 יאָר. פאַראַן אַ מיינונג, אַז ער איז געגרינדעט ערשט אין די 60־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אַ טראַדיציאָנעלער מוסד, ווי עס זענען געווען הונדערטער אַזוינע פילאַנטראָפּישע היילאַנשטאַלטן אין די מקומות, ווו יידן האָבן געלעבט, און וועלכע מען האָט אָפט באַצייכנט מיטן נאָמען „הקדש".

יאָרן גייען, צייטן בייטן זיך.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך צוריקגעקערט קיין ליטע, האָבן זיך באַוויזן נייע כוחות אויף אַלע געביטן פונעם יידישן לעבן אין קאָוונע און פּראָווינץ, אַזוי אויך — אויפן מעדיצינישן. דער אַלטער „בקור חולים" ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם הייל־אַנשטאַלט, אַנערקענט פון דער יידישער און אפילו ניט־יידישער באַפעלקערונג. פיל האָט דערביי אויפגעטאָן דער טראַגיש דערמאָרדעטער אינעם יאָר 1939 דירעקטאָר פונעם שפּיטאָל ד"ר ב. גאַלאַך און די פאַרוואַלטונג, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען דער געזעל־שאַפטלעכער עסקן ר' איסר ראַבינאָוויטש. ס'איז אויפגעקומען אַ ריי וויכ־טיקע אויפגאַבעס: דער שפּיטאָל זאָל ווערן דער צענטראַלער הייל־אַנשטאַלט פון גאַנצן יידישן קיבוץ אין ליטע; ער זאָל האָבן אָפּטיילונגען אויף אַלע ספּעציאַליטעטן; ער זאָל ווערן אַן אַנשטאַלט, ווו די יידישע יונגע דאָקטוירים זאָלן דורכמאַכן דעם סטאַזש, וועלכן עס פאָדערט דער געזונטהייט־דעפּאַרטאַמענט, און קענען זיך ספּעציאַליזירן; ער זאָל דער־

מעגלעכן יידישע קראַנקן־שוועסטערס באַקומען זייער פּראַקטישע אויס־בילדונג.

די אַלע און אַנדערע צילן זענען אין אַ גרויסער מאָס פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין שפּיטאָל האָבן געאַרבעט דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן מיט אַ גרויסן סטאַזש און אויטאָריטעט.

די צוויי אינערן־אָפּטיילונגען זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך די דאָקטוירים ב. בערגער און א. עלקעס. דער עלטערער אַסיסטענט ביי ד״ר ב. בערגער איז געווען ח. קיבאַרסקי. ביי ד״ר א. עלקעס איז געווען דער ערשטער אַסיסטענט א. שאַפּיראָ, דער צווייטער אַסיסטענט — י. זאַלצבערג.

נאָכן טויט פון ד״ר א. לוריע (אין 1936) ווערט דער אָרדינאַטער פון דער כירורגישער אָפּטיילונג ד״ר ש. ראַבינאָוויטש (אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — דער גרונטלייגער פון דער קינדער־כירורגיע אין ליטע). קאָנסולטאַנט איז ד״ר ב. זאַכאַרין, עלטערע אַסיס־טענטין — פּרוי ד״ר ר. מאַלק־קאַפּלאַן, יינגערער אַסיסטענט — ד״ר י. פרידמאַן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן דאָ אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אַסיסטענטן ל. פעלדשטיין, ר. סאַבאַלעוויטש און י. ווידוטשינסקי.

ד״ר י. לעוויטאַן איז דער לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר געבורט־הילף און גינעקאָלאָגיע. זיין שטעלפאַרטרעטער איז ד״ר ש. נאַבריסקי. אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַרבעטן אין דער אָפּטיילונג די דאָקטוירים א. פערעציקאָוויטש און פ. שוואַבייטע.

ד״ר מ. בראַונס איז דער לאַנגיאָריקער אָנפירער מיט דער אָפּטיי־לונג פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. ס׳אַרבעט אַלס זיין געהילף ד״ר ח. יאָפע.

ד״ר ל. פינקעלשטיין פירט אָן די גאַנצע צייט מיט דער קינדער־אָפּטיילונג. די אַסיסטענטינס זענען ה. סעגאַלאָווסקי־שאַפּיראָ, ר. ראָזענ־בליום און ג. איציקאָוויטש.

מיט דער אָפּטיילונג פאַר האַלדז־, נאָז־ און אויערן־קראַנקייטן פירט אָן ד״ר א. מאַטיס. אין דער אָפּטיילונג אַרבעטן די דאָקטוירים י. אַראָנ־סאָן און ב. בליודז. דער לייטער פון דער אוראָלאָגישער אָפּטיילונג איז ד״ר ב. גאָלאַך. (ער איז אויך דער רענטגענאָלאָג.) אין דער אוראָלאָ־

גישער אָפּטיילונג אַרבעטן די דאָקטוירים ס. יאָכעלסאָן און וו. ווינדז־בערג.

די ביאָלאָגין ב. אַסיסאָווסקי איז די לייטערין פון דער כעמיש־באַקטעריאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע.

מיט פולע זיכערקייט קאָן מען זאָגן, אַז דער קאָוונער יידישער שפּיטאָל „בקור חולים״ איז געווען פּאָפּולער און געניאָסן דעם צוטרוי פון דער באַפעלקערונג. דאָס איז אין דער ערשטער ריי דער פאַרדינסט פון די יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן אין אים געאַרבעט מיט מסירת נפש.

## וואָלקנס זאַמלען זיך

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך מיט אַכטונג באַצויגן צום יידישן דאָקטער, געזען אין אים אַ פריינד און העלפער. די ניט־יידישע באַפעלקערונג, באַזונדערס די דאָרפישע, האָט אויך געהאַט צו אים גרויס צוטרוי. ניט זעלטן פלעגט מען הערן אין ליטווישן דאָרף זאָגן: „איך גיי נאָר צום יידישן דאָקטער".

אַ געוויסע ראָל האָט דאָ געשפּילט דער פאַקט, וואָס דער יידישער דאָקטער האָט ניט פאַרנומען קיין מלוכה־שטעלעס, און די מוניציפּאַלע הייל־אַנשטאַלטן זענען מיט גאָר קליינע אויסנאַמעס, געווען פאַר אים פאַרמאַכט. פּריוואַט־פּראַקטיק איז געווען זיין איינציק און עיקרדיק טעטיקייט־פעלד.

אין די יאָרן 1920/23 איז נאָך געווען אַ קליינע צאָל יידישע מיליטער־דאָקטוירים. גיך האָט מען אָבער זיי דעמאָביליזירט. אַזוי אַרום האָט מען דעם יידישן דאָקטער, חוץ דער קליינער צאָל, וואָס האָט געאַרבעט אין די געציילטע יידישע שפּיטעלער, שטענדיק געקאָנט געפינען אין דער היים.

די קעגנזייטיקע באַציונגען מיט די ניט־יידישע דאָקטוירים זענען אויסערלעך געווען קאָרעקטע. אין קאָונע האָבן אָבער עקזיסטירט באַזונדערע דאָקטוירים־פאַראיינען — אַ ריין ליטווישער און אַ פאַראיין פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס איז געווען כמעט אַ ריין יידישער (חוץ די יידן האָבן צו אים געהערט איין רוס, אַ פּאָליאַק און אַ דייטש).

ניט געקוקט אויפן פאַרהעלטנישמעסיק גרויסן פּראָצענט פון די יידישע דאָקטוירים לגבי זייערע ליטווישע קאָלעגן, פלעגט מען אין די פּרע־זידיומס פון די דאָקטוירים־צוזאַמענפאָרן אַריינגעמען בלויז איינעם, אָ צווייטן יידן. למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אַז דערצו האָט אויך גורם

געוועזן דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל פון די יידישע דאָקטוירים, באַזונדערס פון עלטערן דור, האָט שוואַך באַהערשט די ליטווישע שפּראַך, און רוסיש איז פון יאָר צו יאָר מער טריף געוואָרן.

אַ ריי יידישע דאָקטוירים האָט מיטגעאַרבעט אין דעם ליטווישן זשורנאַל „מעדיצינאַ", דער רעדאַקטאָר פון וועלכן ס'איז געוועזן דער ליבעראַלער ליטווינער ד"ר סטאַוגייטיס. אינעם זשורנאַל האָבן אָפט געדרוקט זייערע אַרטיקלען די יידישע דאָקטוירים ל. גאָלדשטיין, ט. גאָלדבערג, א. סקליוטאַוסקאַס, ח. פינקעלשטיין, ב. זאַכאַרין. „מען קאָן לעבן 100 יאָר" — האָט געהייסן י. שאַפּיראָס אַ גרויסער אַרטיקל, אין וועלכן דער אַלטער דאָקטער האָט געזוכט צו דערווייזן, אַז וויכטיקער פון מעדיקאַמענטן און קורערטער איז דער לעבנס־רעזשים, די רעגולערע דערנערונג.

פון צייט צו צייט פלעגט דער זשורנאַל דרוקן אַרטיקלען וועגן דער אַרבעט פון „אָזע". ער האָט אויך אָפּגעדרוקט אין יאָר 1939 די רעדעס פון די דאָקטוירים א. עלקעס, ל. פינקעלשטיין, און ב. בליודז, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן אויפן אָנדענק־אָוונט צו שלושים נאָכן מאָרד פון דעם שעף־דאָקטער פון יידישן שפּיטאָל ב. גאָלאַך.

דער שאָוויניזם און נאַציאָנאַליזם איז ביי דער ליטווישער אינטעליגענץ געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז קיין זכר ניט געבליבן; מען האָט אין איינער אַ נאַכט אין גאַנץ ליטע פאַרשמירט די יידישע שילדן און ניט דערלויבט זיי צו באַנייען. די ליטווינער האָבן געמאַכט אַ פאַרשריט אויפן געביט פון פרייע פּראָפעסיעס, אין וועלכע זיי זענען בעתן שאַפן די ליטווישע רעפּובליק ווינציק געוועזן פאַרטראָטן. שוין אין די צוואַנציקער יאָרן האָט דער מעדיצינישער פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט גענומען באַשרענקען דאָס אָננעמען יידישע סטודענטן. איינצופירן דעם „נומערוס קלאַוזוס" האָט מען זיך, קענטיק, געשעמט און אויך מורא געהאַט פאַר אויסלאַנד. זענען געפונען געוואָרן „כשרע מיטלען" — אַ שווערער עקזאַמען אויף ליטוויש ביים אָנקומען אויף מעדיצין פאַר די, וואָס האָבן געענדיקט ניט קיין ליטווישע גימנאַזיעס. די וואָס זענען ניט דורכגעפאַלן בעתן ליטוויש־עקזאַמען, האָט פאַרבראַקירט די קאָמיסיע צו קאָנטראָלירן דאָס געזונט פון די צוקונפטיקע סטודענטן. פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע איז געוועזן פּראָפ. וו. זשילינסקאַס, אַ בייזער מענטש און אָפענער שונא־ישראל.

בשעתו האָט אַ גרויסן טומל אַרויסגערופן דער פאַל מיטן סטודענט ב. ער איז פון מעדיצינישן פאַקולטעט גערופן געוואָרן צום מיליטער־דינסט. נאָכן צוריקקומען, שוין אַן אונטעראָפיצער, האָט אים פאַרבראַקירט די קאָמיסיע צוליבן געזונט־צושטאַנד... ערשט נאָך אַ געהעריקער אינטער־ווענץ איז ב. צוגעלאָזט געוואָרן צום פאַרענדיקן זיין שטודיום.

אין דער זעלביקער צייט קומען פאָר אין די אודיטאָריעס פון מעדי־צינישן פאַקולטעט אַרויסטרעטונגען פון ליטווישע סטודענטן קעגן זייערע יידישע קאָלעגן. די ליטווינער פאָדערן, די יידן זאָלן זיצן אויף באַזונדערע בענק, זאָלן צושטעלן אין פראָזעקטאָריום יידישע מתים. די דאָזיקע לאַגע ברענגט דערצו, אַז אַ טייל פון דער יידישער יוגנט, וואָס וויל שטודירן מעדיצין, איז געצווונגען צו פאָרן קיין אויסלאַנד. זיי ווייסן פון פאָראויס, אַז אויב זיי וועלן נאָכן ענדיקן דאַרפן פראַקטיצירן אין ליטע, שטייען זיי פאָר זייער שווערע מלוכה־עקזאַמענס.

ווען ס'האָבן זיך פאַרשטאַרקט די באַגרענעצונגען אַנצוקומען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט, איז אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון ד"ר ל. פינ־קעלשטיין און אַדוואָקאַט ל. גאַרפונקעל געגאַנגען צום דעקאַן פון מעדי־צינישן פאַקולטעט און אויסגעדריקט די פאַרביטערונג פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט וועגן דעם, וואָס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט עק־זיסטירט פאַקטיש אַ „נומערוס קלאַוזוס" פאַר יידן. דער דעקאַן האָט דער־קלערט, אַז היות די צאָל סטודענטן אויפן פאַקולטעט איז באַשרענקט, מוז דאָך איינגעפירט ווערן אַ געוויסע באַגרענעצונג...

בשעת עס זענען געגרינדעט געוואָרן אין ליטע די קראַנקן־קאַסעס, האָט אַ גרויסער טייל פון די יידישע דאָקטוירים געזוכט אין זיי אַנצו־קומען. די אַרבעט אין די קראַנקן־קאַסעס איז געווען ניט קיין לייכטע, די מאַטעריעלע באַדינגונגען — ניט קיין גינסטיקע. די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרעסערע פריוואַט־פראַקטיק, זענען אין די קראַנקן־קאַסעס ניט געגאַנגען. אָבער די יידישע דאָקטוירים, וועלכע האָבן קיין מלוכה־שטעלעס ניט געהאַט, זענען יאָ געווען פאַראינטערעסירט צו אַרבעטן אין די קאַסעס. ניט געקוקט, וואָס מען האָט געמאַכט שוועריקייטן, איז געווען אַ צייט, ווען אין די קראַנקן־קאַסעס האָבן געאַרבעט ביי 60% יידישע דאָקטוירים, זייער פאָפולערקייט ביי די קראַנקע האָט ווידער אַרויסגערופן קנאה ביי זייערע ליטווישע קאָלעגן.

עס פאַרגעדענקט זיך, ווי אויף איינער אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די קראַנקן־קאַסע־דאָקטוירים האָט מען געהאַט אָפּגערעדט מיט די פאָרשטייער פון די ליטווישע דאָקטוירים וועגן אַ געמיינזאַמער רשימה צו די וואַלן אין דער דאָקטוירים־פאַרשטייערשאַפט. פון די 7 מיטגלידער אין דער פאַרשטייערשאַפט האָבן פיר געזאָלט זיין ליטווינער און דריי — יידן. די וואַלן זענען געווען געהיימע. ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַ טייל דאָקטוירים־ליטווינער האָט ניט געשטימט פאַר די יידישע קאַנדידאַטן. ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַ הפסקה, און ס׳האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען. אַ יונגער ליטווישער דאָקטער (אין די שפּעטערדיקע יאָרן — אַ פּראָפעסאָר פון ווילנער אוניווערסיטעט) האָט אָפן געמאָלדן: „קיינער קאָן מיך ניט צווינגען צו שטימען פאַר יידן״.

סוף דרייסיקער יאָרן ציילט די משפחה יידישע דאָקטוירים אין ליטע ווייט איבער 400 פּערזאָן. ס׳זענען צו איר צוגעקומען אַ צאָל טיכטיקע און פעיקע ספּעציאַליסטן. במשך פון די צוויי צענדליק יאָר פון דער אומאָפּהענגיקער ליטע זענען באַקאַנט געוואָרן נייע נעמען פון יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן פאַרנומען אַ געהעריקע פּאָזיציע אין דעם מעדיצינישן קאָלעקטיוו פון ליטע. אין די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן זענען עס געווען אין קאָוונע די כירורגן ש. פטאַשעק און ש. ראַבינאָוויטש, דער אָטאָלאַרינגאָלאָג א. מאַטיס, די אינערן־דאָקטוירים ג. קאָלאָדני, ר. נאַקאָן. אין שאַוול — ר. בראַמבערג, י. סאָוויטש. אין ראַדווילישאָק — ח. טאָקער, אין ווירבאַלן — א. קאַגאַנסקי, אין זשאַגער — מ. שניידער, אין פּילווישאָק — מ. דעמבאָווסקי, אין מאַוורוטש — ש. מאַרקאָוויטש און נאָך און נאָך.

ווען אין דער שכנותדיקער דייטשלאַנד קומט היטלער צו דער מאַכט, הויבט זיך אָן פילן אַ שטאַרקע פאַרערגערונג אין די ליטוויש־יידישע באַציונגען. עס שטעלן זיך פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין ליטע נייע וויכטיקע אויפגאַבעס: קאַמף קעגן נאַציזם און הילף די געליטענע און פאַרפאָלגטע אויסלענדישע יידן. אין דעם ברייט אָרגאַניזירטן באָיקאָט פון די דייטשישע סחורות באַטייליקן זיך אַקטיוו דאָקטוירים. ס׳ווערט צוגעגרייט אַ רשימה פון פראַנצויזישע און שווייצאַרישע מעדיקאַמענטן, וואָס קאָנען פאַרבייטן, די שטאַרק פאַרשפּרייטע דייטשישע רפואות. ניט איין מאָל האָבן די יידישע דאָקטוירים „געוויזן די טיר״ די

פאַרטרעטער פון דייטשישע פאַרמאַצעווטישע פירמעס, וועלכע פלעגן פאַרלייגן זייערע מוסטערן און פראָספעקטן.

עס באַווייזן זיך די ערשטע יידישע פליטים פון נאַצי־דייטשלאַנד. די יידישע איינוווינער פון די גרענעץ־שטעטלעך און פון קאָוונע זענען גרייט זיי ברידערלעך צו העלפן. ס'ווערט געשאַפן אַ פליטים־קאָמיטעט, וואָס אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע הילפס־אַרבעט. די ליטווישע יידן עפענען פאַר די פליטים די טירן פון זייערע היימען. דער טורן־זאַל פונעם געזונטהייט־הויז פון „אָזע" אין קאָוונע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ זאַמל־פונקט פאַר קליידער, וועש און אויך אין אַ וואַרשטאַט איבער־צונייען און פאַרריכטן זאַכן פאַר די נויט־ליידנדיקע פליטים.

די ערשטע פאַר יאָר נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט פלעגן די שכנותדיקע צו ליטע יידישע געמיינדעס פון די דייטשישע שטעט טילזיט און אייטקונען באַקומען דערלויבעניש צו שיקן גרופעס קינדער אויף זומער־דערהוילונג אין ליטע. אַ פאַרשטייער פון „אָזע" פלעגט זיי אויפנעמען אויפן גרענעץ און אַריבערפירן אין דער צענטראַלער קינדער־קאָלאָניע אין קאַרמעלאַווע, ביי קאָוונע.

נאָך דעם, ווי היטלער האָט אָקופּירט עסטרייך, באַווייזט זיך פון דאָרט אַ גרופע פליטים, בעיקר פון ווין. אַריינפאַר־דערלויבענישן, די אַזוי גע־רופענע „קוראָרט־וויזעס", פלעגן די ווינער יידן באַקומען ביים דאָרטיקן ליטווישן קאָנסול, וואָס האָט געהאַט אַ יידישע פרוי. דאָס רוב זענען עס געווען מענטשן מיט הויכבילדונג — דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, צווישן זיי — דער דאָצענט ד"ר ה. קראָסאַ. עס באַווייזן זיך שפּעטער אויך דאָק־טוירים־פליטים פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

אַ גרופע קאָוונער יידישע דאָקטוירים באַשליסט צו שאַפן ביי „אָזע" אַן אָרגאַניזאַציע „דאָקטוירים פאַר דאָקטוירים".

אַן אַליינבאַשטייערונג פון די יידישע דאָקטוירים ברענגט אַריין יעדן חודש אַ סומע, וואָס דערמעגלעכט צו העלפן זייערע קאָלעגן־פליטים.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דער ווידער־שטאַנד פון דער פּוילישער אַרמיי איז איינגעבראָכן געוואָרן, איז אַ גרויסע גרופּירונג פּוילישע מיליטער־לייט אַריבער דעם ליטווישן גרענעץ. מען האָט זיי אינטערנירט אין קאָלאָטאָווע, אַ דאָטשע־אָרט, ניט ווייט פון קאָוונע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ 15 טויזנט זעלנער און זייערע

אַפּיצירן. דער לאַגער האָט זיך געפונען אין רשות פון דער ליטווישער מיליטערישער מאַכט. די פּאַליאַקן האָבן איינגעפירט אין לאַגער אַ מיליטערישע דיסציפּלין, געזאָרגט, די מונדירן זאָלן זיין אין אַרדענונג און די שטיוול זאָלן גלאַנצן...

צו קאָונער „אַזע" איז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אין לאַגער געפינען זיך יידישע דאָקטוירים, וואָס ליידן פון ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם. דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געווענדעט צו דער ליטווישער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע פונעם לאַגער מיט דער ביטע צו דערלויבן אַ באַזוך ביי די יידישע אינטערנירטע דאָקטוירים. צו ערשט איז געקומען אַן אָפּזאָג, מאָטיווירט דערמיט, וואָס לויט די תקנות קאָנען באַקומען אַזאַ דערלויבעניש נאָר קרובים. די שפּאַסיקע באַמערקונג, אַז אַלע יידן זיינען קרובים, האָט אַ ביסל אויפגעהייטערט די שטימונג פונעם פּאָלקאָווניק. נאָך דעם, ווי אַ ליטווישער מיליטערישער דאָקטער האָט אונטערגעהאַלטן דעם געדאַנק צו דערמעגלעכן אַ קאָנטאַקט פון יידן מיט די יידישע אינטערנירטע דאָקטוירים, איז די דערלויבעניש געגעבן געוואָרן.

די אָרגאַניזאַציע „דאָקטוירים פאַר דאָקטוירים" האָט תיכף אויסגעטיילט מיטלען, פאַר וועלכע עס זענען איינגעקויפט געוואָרן שפּייז־פּראָדוקטן, וועש, זייף, געשיר.

צוזאַמען מיטן דירעקטאָר פון „היאָס" י. ראַזאָווסקי איז דער שרייבער פון די שורות געקומען אין לאַגער און געפונען זעקס יידישע דאָקטוירים — פּוילישע אָפּיצערן. זייער מצב איז געווען אַ שלעכטער. אויף שריט און טריט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ציניש אַנטיסעמיטיזם און געהאַלטן, אַז זייער לעבן איז אין געפאַר.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז קיין קאָונע אָנגעקומען אַ פאָרשטייער פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, אַ נאָרוועגער, וואָס האָט דערקלערט, אַז דאָקטוירים דאַרפן באַפרייט ווערן פון דער אינטערנירונג. אַזוי איז טאַקע געשען. עס זענען אַרויס אויף דער פריי די דאָקטוירים הענריך ראַסאַלד, פּלעדערבוים, עלטערמאַן, רובינראַט, בערמאַן און אַנדערע.

די פרוי פונעם ליטווישן דאָקטער ווייניייקיס האָט געזאָרגט, דער דאָקטער בערמאַן זאָל זיך איינאָרדענען אין פּאַלאַנגען. אין מאַי 1941 איז זי אַרויס מיטן געדאַנק, אַז היות אַ מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד איז אומפאַרמיידלעך, דאַרף דער דאָקטער בערמאַן, וועלכער

געפינט זיך אין פּאַלאַנגען, האַרט ביים דייטשישן גרענעץ, אַריבערפאַרן קיין קאָוונע. ער האָט זיך אָבער צום ראַט ניט צוגעהערט און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די פּאַלאַנגענער יידן בעת דער היטלער־אָקופּאַציע פון ליטע.

דער פּליט, דאָקטער עלטערמאַן, האָט זיך איינגעאָרדנט אין ווילקאָווישק און מסתמא אַריינגעפאַלן צו די היטלעריסטן.

דאָקטער רובינראָט איז די לעצטע פּאָר חדשים פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1941 שווער קראַנק געוואָרן, זיך געפונען אין שפּיטאָל און איז, געוויס, אומגעקומען.

אין זיינע זכרונות שרייבט דער באַקאַנטער ווילנער דאָקטער א. ליבאָ, אז אין ווילנער געטאָ האָט זיך געפונען דער דאָקטער ה. ראַסאַלד. ס׳איז אָנצונעמען, אַז ער איז דאָרט אומגעקומען.

מיטן פּליטים־שטראָם פון דער צעשלאָגענער און אָקופּירטער פּוילן, זענען אָנגעקומען קיין ליטע, בעיקר קיין ווילנע, יידישע דאָקטוירים. פּרוי דאָקטער ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין און דער שרייבער פון די שורות זענען געפאָרן קיין ווילנע, כדי צו אָרגאַניזירן פאַר זיי הילף אין די ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע „דאָקטוירים פאַר דאָקטוירים״. ס׳וועגן געזאַמלט אין קאָוונע און אַרויסגעשיקט קיין ווילנע 400 קילאָגראַם קליידער און וועש. די דאָקטוירים־פּליטים, בערך 60 פּערזאָן, פירן דורך אַ באַראַטונג, אויף וועלכער עס ווערט אויסגעוויילט זייערע אָן אויטאָריטעטע פאַרשטייערשאַפט.

עס פאַרגעדענקען זיך די נעמען פון דעם דאָצענט גוסטאַוו ביכאָווסקי פון וואַרשע און דעם אָטאָלאַרינגאָלאָג מאַלאַוויסט פון לאָדזש, ווי אויך פון דעם וואַרשעווער פּרויען־דאָקטער פינגערהוט, וואָס איז צוגעטראָטן אַרבעטן אין אַ קאָוונער קליניק.

ווי אַ פּליט איז אויך געווען געקומען קיין ליטע דער מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „טאָז״ („אָזע״ פון פּוילן), דער בונדישער טוער ד״ר ש. הירשנהאָרן פון לובלין. אין משך פון דער מלחמה האָט ער געדינט ווי אַ דאָקטער אין דער פּוילישער גלות־אַרמיי און אין 1945 זיך אומגעקערט קיין פּוילן. פון דאָרט עמיגרירט קיין ישראל, צוליב פּערזענלעכע סיבות וואַנדערט ער אויס קיין אויסטראַליע, וווּ ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1953.

די יידישע דאָקטוירים, פוילישע פליטים, האָבן פון די ערשטע טעג אָן געשטרעבט צו עמיגרירן ווייטער. דער גרעסטער טייל האָט געזוכט דעם וועג קיין אַמעריקע. אין דעם פּרט האָט זיי געגעבן הילף דער „היאַס״, בראש מיט זיין דירעקטאָר, דעם גרויסן מענטשנפריינד י. ראַזאַוווסקי, און כמעט אַלעמען איז געלונגען אַרויסצופאָרן. ס׳האָט די פליטים מיטגעהאָלפן צו עמיגרירן אויך די ליטווישע פאַרשטייערשאַפט פון דער סאָוועטישער טוריסטן־אַגענטור „אינטוריסט״, אָנגעפירט פון איר ענערגישן דירעקטאָר ש. טקאַטש.

## אין סאָוועטישע באַדינגונגען

דעם 15טן יוני 1940 טרעט אַריין אין ליטע די רויטע אַרמיי, און דאָס לאַנד ווערט אין משך פון עטלעכע חדשים פּאַקטיש און אויך פאָרמעל איינגעגלידערט אין ראַטנפאַרבאַנד. ס׳ווערן ליקווידירט אַלע געזעלשאַפט־לעכע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, פאַרשטייט זיך, חוץ דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי און אירע פאַרמאַציעס. עס ווערן פאַרמאַכט אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, דערין אויך „אָזע״.

גלייך ביים איינשטעלן די סאָוועטישע אָרדענונג ווערן אויף די פירנדיקע פּאָסטנס פון די נייע געשאַפענע אַנשטאַלטן און נאַציאָנאַלי־זירטע אונטערנעמונגען אָוועקגעשטעלט ליטווינער. אויב אין דער צייט־ווייליקער „פאָלקס־רעגירונג״ איז נאָך געווען איין ייד — דער געזונט־הייט־מיניסטער ד״ר מ. ל. קאַגאַן, האָט ער זיין פּאָסטן פאַרלוירן גלייך נאָכן פּראָקלאַמירן ליטע אַלס סאָוועטישע רעפּובליק. אָבער אפילו דאָס קורצע פאַרנעמען דעם דאָזיקן פּאָסטן דורך אַ יידן האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט ביי די ליטווישע דאָקטוירים.

ביי די ליטווינער איז די אַנטי־יידישע שטימונג באַזונדערס געוואַקסן האַרט פאַרן היטלעריסטישן אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אין ליטע מאַסן־אַרעסטן און אַרויספירונגען קיין סיביר, הגם צווישן די אַרויסגעפירטע איז געווען אַ גאָר הויכער פּראָצענט יידן — געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוערס, סוחרים, פאַבריקאַנטן און מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס. צווישן די אַרויסגעפירטע ציוניס־טישע טוערס געפינען זיך די אָנגעזעענע דאָקטוירים ב. בערגער, י. לעווי־טאַן, א. דובראַוויטש. דער ד״ר א. אַלפערן ווערט פאַרשיקט, ווי אַ טוער פון יידישן פּראָנטקעמפער־פאַרבאַנד. צוליב זייער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג

ווערן אַרויסגעפירט די דאָקטערין פ. יאַפע־קאַגאַן, דער דאָקטער מ. וואָל־פאָוויטש פון יאַנעווע.

מען קומט ביי נאַכט אַרויסצופירן דעם באַוווּסטן קאָוונער דאָקטער אלחנן עלקעס. ער איז אָבער קראַנק, און צוליב דעם האַלט מען זיך אָפּ עס צו טאָן. אויף מאָרגן אין דער פרי איז געלונגען די גזירה אָפּצו־שרייען. עס האָט געהאָלפן די אינטערווענץ פון לאַנגיאָריקן סאָוועטישן פאָרשטייער אין ליטע, וועלכן ד״ר עלקעס האָט באַהאַנדלט.

דער רוב פון די יידישע דאָקטוירים געפינט זיך אין אַ מצב פון אומ־זיכערקייט און צעטומלעניש, פונקט ווי די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג.

## אין נאַצישן קלעם

אין דער נאַכט אויפן 22טן יוני 1941 באַפאַלט נאַצי־דייטשלאַנד דעם ראַטנפאַרבאַנד. די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט געקאָסט די יידן אַ דריטל פון זייער פאָלק, צעפלאַקערט זיך איצט אויך אין מזרח־אייראָפּע. קאָוונע איז פון די ערשטע שטעט, וועלכע דייטשישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירן. אין גרויס בהלה האָבן זיך גענומען עוואַקוירן די סאָוועטישע אַנשטאַלטן. טויזנטער יידן פון קאָוונע און אַנדערע ליטווישע שטעט און שטעטלעך לויפן פון די אַנגרייפנדיקע היטלעריסטישע חיילות. דער שנעלער פאַראויסמאַרש פון די היטלעריסטן האָט צו נישט געמאַכט דעם פרווו פון די יידן צו אַנטרינען. דערצו האָבן אויף די וועגן שוין געלויערט באַוואָפנטע ליטווישע באַנדיטן און געשאָסן אין די פליטים. בלויז אַ קליינעם טייל פון די געלאָפענע יידן איז געלונגען זיך דורצורייסן אין דער טיף פון רוסלאַנד, ווייל אויף דער גרענעץ האָט די וואַך ניט אַלעמען דורכגעלאָזט. אַליין ביי אַ לעטישן גרענעצשטעטל זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אַרום 2000 מענטשן, כמעט אויסשליסלעך יידן, וואָס זענען דערנאָך אַריינגעפאַלן צו די דייטשן און זייערע לעטישע און ליטווישע אַרויסהעלפערס.

דער באַקאַנטער קאָוונער דאָקטער, לאַנגיאָריקער פאָרזיצער פון „אָזע" און הויפּט־דאָקטער פון יידישן שפּיטאָל ד"ר ל. פינקעלשטיין האָט, לויפנדיק פון די דייטשן, זיך געהאַט דערקליבן אַזש ביז הינטער מינסק. צוזאַמען מיט זיינע באַגלייטערס איז ער אָבער פאַרהאַלטן געוואָרן פון היטלעריסטישע דעסאַנטלערס און איז געצוווּנגען געווען זיך אומצוקערן. אים איז געלונגען זיך צו דערקלייבן ביז ווילנע, וווּ ער איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ.

שוין אויף מאָרגן נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה איז אין קאָוונע

קיין סאָוועטן־מאַכט ניט געווען. די שטאָט איז באַהערשט געוואָרן פון די ליטווישע נאַציאָנאַליסטן, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט דעם ראַדיאָ־פּאָן, אַרויפגעצויגן אויף זיין מאַסט די ליטווישע פאָן און נאָך איידער די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט, איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ אַ ווענדונג פון דער „נייער ליטווישער רעגירונג״. אויף די גאַסן האָבן גענומען הערשן די אַזוי גערופענע „פּאַרטיזאַנער״ — געוועזענע ליטווישע מיליטערלייט, מיטגלידער פון דער „שאַוליו סאַיונגאַ״ (שאַוליסטן), כוליגאַנישע סטודענטן־קאָרפּאָראַנטן און סתם אונטערוועלט־טיפּן, וואָס האָבן ראשית כל אָנגעהויבן רויבן און מאָרדן יידן.

אין הויף פון גאַראַזש אויף וויטאַוטאַ־פּראָספּעקט האָבן זיי אין מיטן העלן טאָג און פאַר אַלעמען אין די אויגן דערמאָרדעט מיט די סאַמע ברוטאַלסטע מיטלען ביי 70 יידישע מענער, צונויפגעכאַפּטע אויף דער גאַס. אין דער קאָוונער פאָרשטאָט סלאָבאָדקע האָבן זיי דורכגעפירט אַ שוידערלעכע נאַכט־שחיטה, אין וועלכער זיי האָבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אויסגעקוילעט גאַנצע משפחות, ביי 800 מענטשן. אין 7טן פאָרט פון דער אַלטער קאָוונער פעסטונג האָבן זיי אומגעבראַכט עטלעכע טויזנט יידישע מענער, צונויפגעכאַפּטע אין די גאַסן אָדער אַרויסגעשלעפּטע פון זייערע היימען. אַ וואָך צייט האָט מען די קרבנות געהאַלטן אונטערן פרייען הימל אָן אַ ביסל ברויט און אָן אַ טרונק וואַסער, דערנידעריקט און געחוזקט פון זיי, אָנגעטאָן די שרעקלעכסטע עינויים, לסוף זיי אַלעמען אומברחמנותדיק דערשאָסן. אויך דער קאָוונער דאָקטער ב. כאַדאָס איז אומגעקומען אין זיבעטן פאָרט. ניט אויסהאַלטנדיק מער דעם פיין און בזיון, האָט ער גערופן דעם עולם זיך אַנטקעגנצושטעלן די רוצחים. מען האָט אין אים געשאָסן, פאַרוואונדעט און געלאָזט בכוונה אויסגיין אין די גרעסטע יסורים. דעם זון פונעם באַקאַנטן קאָוונער פעלדשער, דעם יונגן ד״ר סימעץ האָבן די באַנדיטן אָוועקגעטריבן צום טויט דירעקט פון דער פּאָליקליניק. אויך דער יונגער דאָקטער ה. שיינבערג, די דאָקטערין גורוויטש זענען אין יענע טעג דערשאָסן געוואָרן.

יידיש האָב און גוטס איז געווען הפקר. מען האָט געכאַפּט יידן אין די גאַסן. געשלאָגן מכות־רצח, באַרויבט און געמאָרדעט זיי אויף שריט און טריט. אַ סך פאַרוואונדעטע האָבן זיך געבעטן אין מעדיצינישער הילף, וועלכע ס'האָבן פון איצט געמעגט צוטיילן יידן בלויז דער

יידישער שפּיטאָל און יידישע דאָקטוירים. איז טאַקע דער „בקור חולים" געווען איבערפולט מיט פאַרוואונדעטע. עס איז אויסגעקומען צו אַמפּוטירן הענט און פיס, אַרויסנעמען קוילן פון די געטראָפענע. גיין צו דער אַרבעט, בעת אין שטאָט האָט ניט אופגעהערט די כאַפּעניש פון יידישע מענער, איז געווען סכנת נפשות. האָט מען געדאַרפט באַוווּנדערן דעם מוט פון די דאָקטוירים, וועלכע האָבן אויסגעפילט זייער פליכט און זיך מוסר נפש געווען פאַר די יידישע קראַנקע און פאַרוואונדעטע. דאָס זענען געווען די כירורגן ר. מאַלק־קאַפּלאַן, ל. פעלדשטיין, י, פרידמאַן, י. ווידוטשינסקי. זיי צו הילף זענען געקומען די גינעקאָלאָגן ש. נאַבריסקי, א. פּערצי־קאָוויטש און פ. שוואַבייטע, וואָס האָבן דורכגעפירט אַלגעמיין־כירורגישע אָפּעראַציעס. אַסיסטירט האָבן די קראַנקנשוועסטערס ר. עפּשטיין־קאַגאַן, ב. ליפשיץ, ר. אַזשינסקי, קעקסט און אַנדערע, וועלכע האָבן געהאָלפן די דאָקטוירים טראָגן זייער שווערן עול. אויך דער כירורג ב. זאַכאַרין האָט דעמאָלט דורכגעפירט אָפּעראַציעס אינעם שפּיטאָל.

ווייסנדיק, וואָס עס דערוואַרט יידן און באַזונדערס די יידישע אינטעליגענץ, איז דער באַקאַנטער דאָקטער י. איפּ באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין אין קאָוונע. דער גיפט האָט ניט באַלד געווירקט, און זיין פּלעמעניק, דער יונגער דאָקטער ח. איפּ האָט אים געפּרוווט ראַטעווען, אַרויסגערופן די „גיכע הילף". זי האָט זיך אָבער אָנטזאָגט צו קומען, דערקלערנדיק, אַז קיין יידן ווערט ניט געגעבן קיין מעדיצינישע הילף...

אין דער גרופּע, וועלכע די ליטווישע באַנדיטן האָבן צונויפגעכאַפּט ביי דער סלאָבאָדקער בריק און דערמאָרדעט לעבן קבר, וואָס די גע־כאַפּטע האָבן אַליין געמוזט זיך אויסגראָבן, איז געווען דער דאָקטער ש. מאַץ, באַקאַנט פון זיינע פעליעטאָנען אין קאָוונער טאָג־צייטונג „פאָלקס־בלאַט", וועלכע ער פלעגט אונטערשרייבן מיטן פּסעוודאָנים „שמואליק".

טראַגיש האָט פאַרענדיקט זיין לעבן ד"ר ג. קאָלאָדני. מיט זיין שוואָנגערער פרוי האָט ער געפּרוווט לויפן פון די דייטשן, אָבער געמוזט זיך אומקערן. אין צווישן האָט זיין דירה און דעם קאַבינעט מיטן נייעם רענטגען־אַפּאַראַט פאַרכאַפּט דער יונגער ליטווישער דאָקטער א. מאַטוסעוויטשוס און ניט אַריינגעלאָזט דעם אייגנטימער. ד"ר קאָלאָדני

איז אַוועק זיך קלאָגן אין קאָמענדאַנטור און באַקומען אַ צעטל אָפּצוקריגן זיין דירה און קאַבינעט. מאַטוסעוויטשיוס האָט געזאָגט, ער זאָל קומען מאָרגן. דערווייל האָט ד״ר קאָלאַדניס פּרוי געמוזט זיך אָפּלייגן אין קלי־ניק, און ער אַליין איז אויף מאָרגן געקומען צו זיך אַהיים. דאָרט האָבן אויף אים שוין געוואַרט ליטווישע באַנדיטן, וועלכע האָבן אים אַרעסטירט, און זיין שפּור איז פאַרשוווּנדן...

סוף יולי האָט דער קאָמיטעט, וועלכן ידישע עסקנים און געזעל־שאַפטלעכע טוערס האָבן געשאַפן, ווי אַ פאַרשטייערשאַפט פון קאָוונער יידן, געדאַרפט אויסקלייבן אַ פאַרזיצער. ניט געווען קיין בעלנים אַרויפ־צונעמען אויף זיך אַזאַ שווערע, אחריותפולע און געפערלעכע פליכט. ווי עס דערציילט אַדוו. ל. גאַרפונקעל אין זיין בוך „קובנה היהודית בחורבנה״, האָט נאָך אַ לענגערער קאָמיטעט־זיצונג, וואָס איז פול געווען מיט טראַגיש־דראַמאַטישע מאָמענטן, דער באַקאַנטער קאָוונער דאָקטער אלחנן עלקעס לויט דער בקשה פון אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער מסכים געווען איבערצונעמען דעם דאָזיקן פּאָסטן. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען איבערצייגט, אַז דער ד״ר עלקעס טוט אַלץ, וואָס אין זיינע מעג־לעכקייטן, לטובת דעם כלל, ווייל דאָס האָט ער דערוויזן מיט זיין ער־לעכן דינען דער קאָוונער יידישער עדה אין דעם טראַגישסטן עטאַפּ פון איר קיום. (אַן אָפּשאַצונג פון ד״ר עלקעסעס לעבנסוועג און פּערזענלעכ־קייט גיבן מיר באַזונדער.)

מיטן אַריינטרייבן די לעבנגעבליבענע דרייסיק טויזנט קאָוונער יידן הינטערן שטעכלדראָט הייבט זיך אָן פאַר זיי דער בלוטיקער דערנער־וועג ביזן אונטערגאַנג.

## הינטערן צוים פון געטאָ

דעם 15טן אויגוסט 1941 איז דאָס געטאָ געשלאָסן געוואָרן — ניט אַריין און ניט אַרויס. ס'איז געקומען די פאָדערונג מצד די מאַכט־אָרגאַנען צוצושטעלן דעם 18טן אויגוסט צו דער אַרבעט פון „סאָרטירן שטאָטישע אַרכיוון" פינף הונדערט יונגע, אינטעליגענטע מענער. פריי־וויליק האָט זיך ווייניק־ווער געמאָלדן. זיינען די דייטשן מיט זייערע ליטווישע מיטהעלפערס אַרויס אין אַ געיעג און צונויפגעכאַפּט אין געטאָ אַן איבערקלייב 534 מענער, זיי צו פוס אַוועקגעטריבן אויפן פערטן פאָרט אין פאַנעמון און דאָרט דערשאָסן. די געטאָ־באַפעלקערונג האָט די דאָזיקע רציחה אָנגערופן „אינטעליגענטן"־אַקציע. אין איר זענען אומגעקומען יידישע אינזשענערן, יוריסטן, מוזיקער, קינסטלער, פשוטע פאָלקס־מענטשן, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע ווי אויך די יונגע דאָקטוירים — חיים דאַט, מאיר ראָזין און אייניקע אַנדערע.

אין מיטן חודש סעפּטעמבער האָט דער ממונה אויף די יידן־ענינים ביים שטאָטישן קאָמיסאַר יאָרדאַן איבערגעגעבן דעם עלטסטן־ראָט פון דער געטאָ־געמיינדע 5000 באַשייניקונגען, די אַזוי גערופענע „יאָרדאַן־שיינען" צו פאַרטיילן „יידישע האַנטווערקער". צוליב דער ביטערער דערפאַרונג מיט די אַרויסגעפירטע אויף אומקום אינטעליגענטן האָבן אַ סך פאָרשטייערס פון די פרייע פּראָפעסיעס און אינטעלעקטואַלן, איינגע־שלאָסן דאָקטוירים, זיך פאַרשריבן אַלס האַנטווערקער און אַרבעטער, כדי די דאָזיקע שיינען צו באַקומען. אין גיכן האָט זיך טאַקע אַרויס־געוויזן, אַז אין די ערשטע צוויי אַקציעס זענען עס געווען „לעבנס־שיינען" פאַר זייערע באַזיצער. אַ סך דאָקטוירים האָבן זיך געמאָלדן אויף שוואַרצאַרבעט און צוזאַמען מיטן פשוטן פאָלק געשלעפּט דעם יאָך, וואָס האָט געזיכערט דעם געטאָ צייטווייליקע עקזיסטענץ.

אין געטאָ זענען פאַרגעקומען הויז־זוכונגען מיט קרבנות. דעם באַוווסטן קלייפּעדער דאָקטער סאַלאָמאָן בורשטיין האָבן די דייטשן גע־פונען אַ שווער קראַנקן. זיי האָבן אים מערדערלעך צעשלאָגן, געצוווּנ־גען מאַכן גימנאַסטיק. זיין קראַנק האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן, און ער איז אין אייניקע טעג אַרום געשטאָרבן.

אין מיטן העלן טאָג פונעם 26טן סעפּטעמבער 1941 איז דער טייל געטאָ לעבן וועליאָנער געסל, ווו דער צוים איז דורכגעגאַנגען, אַרום־גערינגלט געוואָרן פון די ליטווישע אוניפאָרמירטע באַנדיטן. מיטן אויס־רייד, אַז פון דער ידישער זייט האָט מען געשאָסן אויפן געטאָ־קאָמענ־דאַנט, זענען אַלע איינוווינער אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די הייזער. אויפן פּלאַץ לעבן געטאָ־טויער אויף דער אייראַגאַלער גאַס האָבן אייניקע געסטאַפּאָ־פונקציאָנערן אָפּגעסאָרטירט פונעם עולם די עלטערע מענער, פרויען, קינדער און אונטער אַ שטאַרקער שמירה פון דער ליטווישער געהילפס־פּאָליציי אָוועקגעטריבן אין דער ריכטונג פון ניינטן פאָרט, ווו זיי זענען דעם זעלבן טאָג דערשאָסן געוואָרן. צווישן די אומגעקומע־נע איז געווען דער דאָקטער ד. וואָלפּערט.

גאָר אין גיכן, דעם 4טן אָקטאָבער איז דאָס געטאָ אויפגעטרייסלט געוואָרן פון נאָך אַ גרויליקערער „אַקציע". דאָס אַזוי גערופענע „קליין־געטאָ" איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ שטאַרקער באַוואַכונג. מען האָט די ידן אַרויסגעטריבן פון זייערע שטיבער, אָפּגעזונדערט די עלטערע, שוואַכערע, די אַליינשטייענדיקע פרויען מיט זייערע קינדער און אין קאָלאָ־נעס געצוואונגען טרייבן אין דער ריכטונג פונעם דעמאָלט שוין טרויעריק באַרימט געוואָרענעם 9טן פאָרט, ווו עס זענען געווען אויסגעגראָבן לאַנגע און טיפע גריבער צו פאַרשלינגען קרבנות. אין דער זעלבער צייט האָט אַ ריזיקער פלאַם אַ זעץ געטאָן אין הימל אַריין — דאָס האָט געברענט די הילצערנע געביידע פונעם געטאָ־שפּיטאָל, וועלכן די דייטשן האָבן געהאַט אָפּגעגאָסן מיט בענזין, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער די אַרויסגענג און אונטערגעצונדן. ווער פון די אינעווייניק פאַרשפּאַרטע האָט גע־פּרוּווט שפּרינגען דורך די פענצטער, איז דערשאָסן געוואָרן דורך די אַרומגעשטעלטע קוילנוואַרפערס. צוזאַמען מיט די זעכציק קראַנקע זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן די קראַנקנשוועסטערס, דער מעדיצי־

נישער פערסאָנאַל בראש מיטן דאָקטער נ. דאַווידאָוויטש, וואָס האָט ניט פאַרלאָזט די קראַנקע און געבליבן אויף זיין פאָסטן.

דער אויסרייד דורכצופירן די דאָזיקע מוראדיקע רציחה איז ביי די דייטשן געווען צוגעגרייט: אין שפּיטאָל זענען פאַראַן לעפּראַ־קראַנקע... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ וויסטער בלבול. איבער טויזנט און זעקס הונדערט מענטשן זענען דעם טאָג אומגעבראַכט געוואָרן. צוויי־שען זיי די עלטערע לייט פונעם מושב־זקנים און די קינדערלעך פונעם בית־יתומים, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שטח פונעם קליין־געטאָ. אין געדעקטע לאַסט־אויטאָס האָט מען זיי געלאַדן און געפירט דירעקט צו די מאַסן־קברים אויפן 9טן פאָרט, ווו עס האָבן אויף זיי שוין געוואַרט די רוצחים. אין דער אַקציע איז אומגעקומען דער עלטערער דאָקטער א. פיינבערג.

דעם 28טן אָקטאָבער 1941 האָבן די דייטשן ביי דער מיטהילף פון זייערע ליטווישע משרתים דורכגעפירט אין קאָוונער געטאָ די אַזוי גערופענע „גרויסע אַקציע", בעת וועלכער כמעט צען טויזנט מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער — מענער און פרויען, זקנים און קינדער — זענען „אָפּגעסאָרטירט" און אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַרומגעצוימטן ראַיאָן פון „קליין־געטאָ", וואָס איז געשטאַנען ליידיק זינט דער אַקציע פונעם 4טן אָקטאָבער. אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט די גרויסע אַקציע. אינעם קאַלטן הארבסטיקן וועטער האָט מען ביי דרייסיק טויזנט קאָוונער יידן אָפּגעהאַלטן אויף דעם דעמאָקראַטן־פּלאַץ אין סלאָבאָדקע אָן אַ ביסן ברויט און אָן אַ טרונק וואַסער. אויפן שטח פונעם סאָרטירונגס־פּלאַץ זענען געבליבן ביי צוואַנציק טויטע...

עס איז געווען אָנגעזאָגט, מען זאָל די קראַנקע ניט ברענגען צום „דורכקוק פון די אַרבעטס־קרעפטן", נאָר איבערלאָזן אין די שטיבער מיט אָן אויפשריפט אויף דער אַריינגאַנגס־טיר פון דער דירה: „פאַראַן אַ קראַנקער". געסטאַפּאָ־לייט האָבן די קראַנקע צונויפגעזאַמלט און געפירט אין מאַשינעס דירעקט צום 9טן פאָרט.

ביי נאַכט נאָך דער אַקציע האָט דער פאָרזיצער פונעם עלטעסטן־ראַט, דער ד"ר א. עלקעס, געפרוווט אינטערווענירן, ראַטעווען, וועמען עס לאָזט זיך. מיטן אויסרייד, אַז מען האָט אַוועקגענומען ניט קיין פאַר־בייטלעכע פאַכלייט, איז ער געקומען אין קליין־געטאָ, באַווירקט די

דייטשן און אַזוי געראַטעוועט אַ הונדערט יידן פון זיכערן טויט. ד״ר עלקעס האָט געפּאַדערט נאָך און נאָך מענטשן. יידן האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן פון אַלע זייטן. ס'איז געוואָרן אַ טומל, אַ געדראַנג. איז די רוצחים נמאס געוואָרן די שפּיל. זיי האָבן דעם דאָקטער מערדערלעך צעשלאָגן און אין אַ כמעט באַוווסטלאָזן צושטאַנד אַריינגעטריבן צוריק אין געטאָ אַריין. אַ סך אַריינגעפּאַלענע אין „קליין־געטאָ״ האָבן גע־פּרוּווט זיך פון דאָרט אַרויסרייסן אונטערקויפנדיק די באַוואַכונג אָדער קריכנדיק דורכן צוים. עס זענען געפאַלן קרבנות. אָבער אייניקע איז גע־לונגען זיך צו ראַטעווען. דעם ד״ר ב. כאַצקעלעוויטש איז געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין גרויסן געטאָ. ער האָט געזוכט מיטלען אַרויס־צונעמען זיין פרוי און פיר קינדער פון טויט־קלעם. קיינע באַמיונגען האָבן אָבער ניט געהאָלפן.

יידן האָבן געפּרוּווט זיך טרייסטן, אַז אין קליין־געטאָ וועט גע־שאַפן ווערן אַ לאַגער פאַר וויניקער אַרבעטס־פעיקע מענטשן. מען האָט זיך דאָרט אפילו געפּרוווט איינאָרדענען אין די ליידיקע דירות, איינגע־הייצט די אויוונס. אויף מאָרגן באַגינען זענען די איליוזיעס אויסגערונען. מען האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די שטיבער און אין קאַלאָנעס גע־נומען טרייבן אין דער ריכטונג פונעם 9טן פאָרט. אַ גאַנצן טאָג האָט דאָרט אָנגעהאַלטן אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטן און קוילנוואַרפערס...

## נאָך די מאַסן־אַקציעס

איצט איז אַריינגעטראָטן אין געטאָ אַ געוויסער סטאַביליזאַציע־פּעריאָד. די מאַסן־הריגות — די אַקציעס — האָבן זיך אָפּגעשטעלט. די יידן האָט מען געפירט צו שווערע קאַטאָרגע־אַרבעטן, און דאָס געטאָ האָט גענומען איינשטעלן אַ שטיקל „אָרדענונג" אין זיין אינערלעכן לעבן. עס זענען ביים עלטעסטן־ראָט פון געטאָ געגרינדעט געוואָרן פאַרשיידענע אַדמיניסטראַטיווע אַמטן, דערין דער געזונטהייט־אַמט, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די מעדיציניש־סאַניטאַרע הצטרכותן פון דער 17—18 טויזנט קעפּיקער באַפעלקערונג.

אין יוסף גאַרס בוך „אומקום פון דער יידישער קאָוונע" געפינען מיר אַ ברייטע אינפאָרמאַציע וועגן די מוסדות פון קאָוונער געטאָ. מיר דערוויסן זיך אַז נאָכן פאַרברענען דעם געטאָ־שפּיטאָל האָט מען מורא געהאַט צו קאָנצענטרירן קראַנקע אין איין אָרט. אָבער נאָך דער גרויסער אַקציע, ווען די שפּאַנונג האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט, איז דאָס גרינדן אַ שפּיטאָל געוואָרן לעבנסנויטיק. דאָקטוירים האָבן צונויפגעטראָגן מעדיציניש אינסטרומענטן און מעדיקאַמענטן, וואָס זיי איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן. דער עולם האָט געשפּענדעט בעטציַיג, כלים. אין אַ צווייִשטאָקיקער הילצערנער געביידע פון אַ פריערדיקער פאָלקס־שול האָט מען ענדלעך דעם שפּיטאָל געעפנט. ער האָט פאַרמאָגט אָפּטייל׳ן פאַר אינערלעכע, כירורגישע און אַנדערע קראַנקייטן. ביז אויגוסט 1942, ווען ס׳איז די יידישע פרויען פאַרבאָטן געוואָרן צו שוואַנגערן און געבוירן קינדער, איז געווען אויך אַ פרויען־אָפּטיילונג. דער שפּיטאָל האָט פאַרמאָגט אַ רענטגען־קאַבינעט און אַ לאַבאָראַטאָריע. אינפעקציע־קראַנקע האָט מען ניט האָספּיטאַליזירט אויס מורא, די היטלעריסטן זאָלן ניט אומברענגען די קראַנקע.

דער ד״ר מ. בראַונס איז באַשטימט געוואָרן צו האַלטן השגחה איבער די אַנשטעקנדיקע קראַנקע. ער, זיין געהילף ד״ר ח. איפּ, די קראַנקנ־שוועסטערס י. שוואַצייטע, ל. אינגעל, ד. איגדאַלסקי, ב. ליפּניצקי האָבן איינשטעלנדיק דאָס לעבן, געהיילט די קראַנקע אין די שטיבער. פאַרן פאַל פון אַ דייטשישן קאָנטראָל האָבן זיי איבערגעלאָזט באַשייניקונגען מיטן דיאַגנאָז ,,שפּאַנישער גריפּ״, ,,מאָגן־גריפּ״ אָדער ,,לונגען־אָנצינדונג״... אין געטאָ זענען געווען ביי 150 פאַלן פון בויכ־ און פלעקטיפוס. מען האָט עס געמוזט האַלטן בסוד, ווייל אין קעגנפאַל וואָלטן די דייטשן אומגעבראַכט די קראַנקע צוזאַמען מיט אַלע איינוווינער פון דער שטוב און, מעגלעך, אויך פונעם גאַנצן קוואַרטאַל. אַ דאַנק דעם מסירת־נפש פון ד״ר בראַונס און זיינע געהילפן איז צו קיין עפּידעמיעס ניט געקומען, ניט געקוקט אויף דער ענגשאַפט, קעלט און הונגער. די דייטשן האָבן ניט איין מאָל אויסגעדריקט זייער חשד, אַז מען פאַרלייקנט פון זיי אַנשטעקנדיקע קרענק, ווייל צו דער זעלבער צייט האָבן די חולאתן געבושעוועט אויף יענער זייט פונעם געטאָ־צוים, ביי די ,,אַריער״. ניט איין מאָל האָבן די דייטשן געדראָעט דעם ד״ר בראַונס מיטן טויט, אויב זיי וועלן אויפּ־דעקן אין געטאָ טיפוס.

אומקערנדיק זיך צום שפּיטאָל, דאַרף אָפּגעמערקט ווערן זיין דורכ־אויס וויכטיקע טעטיקייט פאַר דער געטאָ־באַפעלקערונג. אויך די אַפּ־טייק און די לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָבן פאָרמעל געהערט צו דעם ווירט־שאַפטס־אַמט, זענען געשטאַנען אין רשות פונעם שפּיטאָל און מיט־געאַרבעט מיט אים.

דער געזונטהייטס־אַמט האָט געגרינדעט אַן אַמבולאַטאָריע מיט אָפּטיילונגען פאַר אינערלעכע, כירורגישע, האַלדז־ נאַז־ און אויערן־קראַנקייטן, אויגן־קראַנקייטן. ס׳איז געווען טעטיק אַ קאַבינעט צו קורירן ציין. מען האָט אויך געשאַפן אַן איזאָליאַטאָר פאַר פּסיכיש־קראַנקע און אַן אַנשטאַלט צום אויפהאַלטן די זויבערקייט פון די מענטשן — ,,ענט־לויזונג״.

ביים אַרבעטס־אַמט האָט עקזיסטירט אַ מעדיצינישע אָפּטיילונג וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַפרייען אויף אַ געוויסער צייט קראַנקע פון זייער פליכט צו גיין אַרבעטן, ווי אויך בכלל באַפרייען פון דער צוואַנגס־אַרבעט פיזיש־אָפּגעשוואַכטע, פון דער שווערער האַרעוואַניע און דעם

פערמאַנענטן הונגער אויסגעשעפּטע אָדער כראָנישע קראַנקע מענטשן.

מיטן געזונטהייטס־אַמט און דעם שפּיטאָל האָט אָנגעפירט דער כירורג ב. זאַכאַרין, וואָס האָט ביז דער מלחמה געהאַט אין קאָוונע אַן אייגענע קליניק און איז געווען דער הויפּטדאָקטער אין דער קאָוונער „געלער טורמע”. זיין האַרטער און שווערער כאַראַקטער האָט זיך געלאָזט פילן אויך אין געטאָ.

כמעט דריי יאָר האָט עקזיסטירט קאָוונער געטאָ (ניט קיין פול יאָר פאַר דער ליקווידאַציע — אונטערן נאָמען „קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָוען”). דריי יאָר פערמאַנענטע לײדן, פּיין, נגישות און קרבנות אָן אַ צאָל. די ידישע דאָקטוירים האָבן מיטגעמאַכט דעם אַלגעמיינעם לײדנסוועג און געהאָלפן זייערע ברידער אין נויט, מיט וואָס זיי האָבן געקאָנט.

באַזונדערס שווער איז אויסגעפאַלן דער ערשטער מלחמה־ווינטער. די געטאָ־באַפעלקערונג האָט געלעבט אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפט, גע־ליטן פון קעלט און פון אַ שאַרפן שפּייז־מאַנגל. מענטשן זענען געוואָרן אויסגעשלאָגן מיט פורונקלען, געליטן פון אַוויטאַמינאָזן, זענען געווען גע־שוואָלן פון הונגער. פּרויען האָבן פאַרלוירן די מענסטרואַציעס. די שטערב־לעכקייט פון קינדער איז געשטיגן. עס האָט זיך באַוויזן טובערקוליאָז.

ס'איז האַרבּ געוואָרן די פראַגע פון באַקומען מעדיקאַמענטן. מאַכנדיק גרויסע אָנשטרענגונגען, איז פון דעסטוועגן געלונגען אויפצושטעלן דעם געטאָ־שפּיטאָל, די געטאָ־אַפּטייק, וועלכע האָבן אויסגעשטרעקט אַ האַנט פון הילף די קראַנקע און געלינדערט די סאַניטאַר־מעדיצינישע באַדערפע־נישן פון די געטאָ־אסירים.

ווײסנדיק, אַז די ידישע אינטעליגענץ האָט גאַר אַ שלעכטע מערכה ביי די דייטשן, זענען לכתחילה אַ סך דאָקטוירים אַוועק מיט די געטאָ־בריגאַדעס אויף שוואַרצאַרבעט: געגראָבן ערד, געראַמט שניי, גע־שלעפּט צעמענט און אייזן. טייל פון זיי זענען שפּעטער געוואָרן סאַ־ניטאַרן אין די ידישע בריגאַדעס — אָנגעטאָן ווייסע אָרעמבענדער מיט אַ רויטן קרייץ און געווען באַפרייט פון שווערער אַרבעט. מיט דער צייט זענען אַ צאָל דאָקטוירים אַריבער צו זייער פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט אין שפּיטאָל, אַמבולאַטאָריעס און אין די אַנדערע מעדיצינישע אַנשטאַלטן פון געטאָ.

## נגישות און קרבנות אָן אַ סוף

אפילו דער „רויקער״ פעריאָד אין געטאָ איז ווייט ניט רויִק געווען. צו קיין מאַסן־מאָרדן איז ניט געקומען, אָבער קרבנות זענען געפאַלן אויף שריט און טריט. איינער איז אומגעקומען פרווונדיק אַרויסקריכן דורכן געטאָ־צוים, אַ צווייטער — ביים איינשאַפן זיך שפייז אין שטאָט, אַ דריטער — פון אַ קויל, וואָס אַ וואַכמאַן האָט אַרויסגעלאָזט סתם אין דער וועלט אַריין.

אויפגעטרייסלט האָט בשעתו די געטאָ דער טראַגישער אומקום פון ד״ר זרח גערבערג. ער האָט געאיילט צו אַ קראַנקן, ניט באַמערקט און ניט אַראָפּגענומען דאָס היטל פאַר אַ ליטווישן וואַכמאַן, וואָס איז פאַר־בייגעגאַנגען. דער וואַכמאַן האָט אים אָפּגעהאַלטן און געהייסן קניען און בעטן מחילה פאַרן באַגאַנגענעם „חטא״. ד״ר גערבערג האָט זיך פאַר־ענטפערט, אַז ער האָט אין דער פינצטער ניט באַמערקט דעם „פאַרשטייער פון דער מאַכט״, וואָס איז, אגב, געגאַנגען אָנגעטאָן ציוויל און בלויז מיט אַ ווייסן אַרעמבאַנד און אַ ביקס אויפן אַקסל. זיך פאַרענטפערט און ניט געקניט. האָט אים דער אויסוווּרף דערשאָסן...

זומער 1942 איז די געטאָ שווער געטראָפן געוואָרן דורכן שוואַנ־גערשאַפט־ און געבורט־פאַרבאָט. ס׳איז אויפגעקומען די פראַגע פון העלפן פרויען, איבער וועלכע ס׳האָט געפאָכעט די שווערד פונעם מלאך־המוות. אַ גוואַלדיק שווערע, אחריותפולע און מסירתנפשדיקע טע־טיקייט האָבן אין אָט דער היגזיכט אַנטוויקלט די פרויען־דאָקטוירים א. פערציקאָוויטש, ש. גאַבריסקי, מ. לעוויטאַן.

אפילו אין די באַדינגונגען פון מערדערלעכן טעראָר און קאַטאָרגע־אַרבעט האָבן יידישע דאָקטוירים פאַרטיפט זיך אין וויסנשאַפטלעכע פּראָ־בלעמען, בעיקר אין אַזוינע, וואָס זענען אַרויסגעהויבן געוואָרן דורך

דער ביטערער ווירקלעכקייט. אַזוי האָבן די דאָקטוירים מ. בראַונס, א. פערציקאָוויטש, א. סעגאַל, ג. עלקעס זיך פאַרנומען מיט מעדיצינישע פּראָבלעמען פון געטאָ־לעבן, ד"ר וו. לאַזערסאָן האָט געפאָרשט די פּסיכאָלאָגישע קאָנסעקווענצן פון די געטאָ־באַדינגונגען. ד"ר א. פּערצי־קאָוויטש האָט געלייענט לעקציעס וועגן פרויען־קראַנקייטן, ד"ר ל. גאָלד־שטיין האָט געפירט פּאָפּולערע מעדיצינישע שמועסן בשיכות מיטן לעבן הינטערן שטעכלדראָט.

אייניקע דאָקטוירים זענען צוגעצויגן געוואָרן צו דער טעטיקייט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זיי האָבן געלערנט די צוקונפטיקע פּאַרטיזאַנער געבן די ערשטע הילף פאַרוווּנדעטע קעמפער, איינגעחזרט מיט זיי כללים פון היגיענע אין די באַדינגונגען פון לעבן אין וואַלד. עס ווערן באַזאָרגט און קאָמפּלעקטירט פאַר די פּאַרטיזאַנער אינדיווידועלע אַפּטייקלעך. מען שיקט אין וואַלד כירורגישע אינסטרומענטן, פאַרבאַנד־מאַטעריאַלן און רפואות. באַזונדערס אַקטיוו איז געווען אויף אָט דעם טעטיקייט־געביט פרוי ד"ר ר. גאָלאַך. איר האָבן מיטגעהאָלפן די פאַר־מאַצעווטין כ. נעוויאַזסקי, די כירורגישע שוועסטער ר. עפּשטיין־קאַגאַן, די קראַנקן־שוועסטערס ז. טינט, א. סטרעליץ, ר. דיסקאַנט־קראַקינאָווסקי, וואָס זענען אַליין שפּעטער אַוועק אין וואַלד און געטאָן דעם מעדיצינישן דינסט אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

דער יונגער דאָקטער ש. פּערלשטיין, אַן אַקטיווער טוער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ווערט געשיקט אין דער געגנט פון זיין היימ־שטעטל יעזנע צו זוכן פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער. ער באַווייזט אָנצוקניפּן באַציִונגען מיט פּויערים, צו וועלכע עס קומען צו מאָל וואַנ־דערנדיקע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס, אָבער אין גיכן קומט ער אום צוליב אַ מסירה.

מיט דער צייט זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מעדיצינישער טעטיקייט פונעם געזונטהייטס־אַמט אין געטאָ פיל דאָקטוירים. וועגן באַלוינונג האָט זיך דאָ כמעט ווי ניט גערעדט. אַלע געטאָ־אסירים זענען מחויב געווען צו אַרבעטן. דערפאַר האָבן זיי באַקומען דעם אַלגעמיינעם קאַרגן „ראַציאָן" און אויף דער אַרבעט — אַ טעלער זופּ. לויט יוסף גאַרס בוך „אומקום פון דער יידישער קאָוונע" האָבן אין שפּיטאָל און די אַנדערע מעדיצינישע אַנשטאַלטן פון געטאָ געאַרבעט פאָלגנדיקע

דאָקטוירים: י. אַבראַמאָוויטש, ח. איפּ, ד. אָרליאַנסקי, א. אייזנשטאַדט, מ. בערמאַן, מ. בראַונס, פּרופ׳ ר. באַר־ווישטאַנעצקי, א. בליאַסבערג, י. בליומבערג, פּרופ׳ ר. גאָלאַך, מ. גילדע, ל. גאָלדשטיין, ל. גערשטיין, ז. גרינבערג, ר. עליאַשעוויטש־גורוויטש, פּ. גורוויטש, י. ווידוטשינסקי, וו. ווינדזבערג, י. זאַלצבערג, ד. נאַקאַן, פּרופ׳ ל. טאַנקעל, פּרל, מ. יאַכעל־סאָן, כץ, א. מאַטיס, א. סעגאַל, ג. עלקעס, א. פערציקאָוויטש, ל. פעלד־שטיין, י. פרידמאַן, ח. צייטעל, פּרל. ס. קאַמבער, קאַגאַן, קאַפּלאַן־מאַלק, קלעבאַנאָוו, קליבאַנסקי, פּרל. ראָזענבליום, נ. ריכמאַן.

עס זענען אויך טעטיק געווען אין געטאָ די ציין־דאָקטוירים: אַקאַ־באַס, גריליכעס, לוריע, פּרופ׳ פּ. קאַגאַן (אַלע געבליבן לעבן נאָך די קאַצעטן), גליקמאַן און פּרופ׳ שטיין (אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ), אָליצקי, ש. לייבאָוויטש־גאָלדשמיד, מאַרגאָליס, נעמענ־טשיק האָבן זיך געראַטעוועט פאַר און בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

## ווייטערדיקע אויפטרייסלונגען און אַקציעס

ביז דער ליקווידאַציע איז דעם קאָוונער געטאָ באַשערט געווען איבער־צולעבן אַ סך שווערע אויפטרייסלונגען און בלוטיקע אַקציעס.

אין האַרבסט 1943 האָט זיך אָנגעהויבן די אַזוי גערופענע „קאַזער־נירונג" פון געטאָ, בעת וועלכער מען האָט אַ טייל געטאָ־איינוווינער אַרויסגעפירט אין אויסנשטאָטישע אַרבעטס־לאַגערן: דאָ זענען די לעבנס־באַדינגונגען געווען נאָך האַרבער, ווי אין געטאָ. מען האָט געלעבט אין באַראַקן, געשלאָפן אויף צוויי עטאַזשיקע נאַרעס. אַלע אָן אויס־נאָם האָבן געמוזט גיין צו דער שווערער אַרבעט. די קינדער האָט מען געהאַלטן אין איין אָרט, אָפּגעזונדערט פון די עלטערן. אַזעלכע לאַגערן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין אַלעקסאָט, שאַנץ, פּאַלעמאָן, קאָשע־דאַר. פון פריער איז געווען אַזאַ לאַגער אין קיידאַן, שפּעטער אויך אין קאַזלו־רודע. די קראַנקע, וואָס האָבן זיך געגויטיקט אין האָספּיטאַליזאַציע, פלעגט מען ברענגען אין קאָוונער געטאָ־שפּיטאָל, אָבער אין יעדן לאַגער איז געווען אַ דאָקטער, וואָס פלעגט געבן מעדיצינישע הילף אויף אָן אָרט, ווו דאָס איז נויטיק געווען. דער דאָקטער פונעם אַרבעטס־לאַגער אַלעקסאָט איז געווען ל. גאָלדשטיין, דער צווייטער דאָקטער אין לאַגער איז געווען א. זילבערג. ער איז אגב געווען דאָרט איינער פון די, וואָס האָבן אויפגעשטעלט אַ געהיימע ווידערשטאַנד־גרופּע. דער דאָקטער אין קאָשעדאַרער לאַגער איז געווען ב. ראַודאַנסקי, אין קיידאַנער לאַגער — מ. לאַנגמאַן, אין פּאַלעמאָנער לאַגער — ר. שאַפּיראָ, אין קאַזלו־רודער לאַגער — אָ. בליאָסבערג. דער לעצטער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון דער מאַסן־פליטה בעת דער ליקווידאַציע פונעם לאַגער. ס'האָבן זיך געראַטעוועט ווייט איבער הונדערט אסירים.

אַ קורצע צייט נאָך דער „קאַזערנירונג", סוף אָקטאָבער 1943, איז

פאַרגעקומען דאָס אכזריותדיקע אַרויספירן פון קנאַפּע דריי טויזנט מענטשן, כלומרשט צו טאָרף־אַרבעט אין דער ליטווישער פראָווינץ. די קינדער און אַלטע לייט האָט מען אויף דער קאָוונער באַן־ראַמפּע אָפּגעטיילט פון די אַרבעטספעיקע און אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען, וואָס זענען אַוועק קיין אוישוויץ. די איבעריקע האָט מען פאַרשלעפּט אין עסטישע אַרבעטס־לאַגערן.

אין אָט דער דעפּאָרטאַציע זענען אַריינגעפאַלן די דאָקטוירים פּרל, ס. קאַמבער, נ. לעווין, ל. ראַשקעס און י. בליומבערג. דער לעצטער איז באַלד אומגעקומען אין אַ לאַגער אין עסטלאַנד.

נאָכן ליקווידירן ווילנער געטאָ (האַרבסט 1943) זענען קיין עסט־לאַנד פאַרשלעפּט געוואָרן די קאָוונער דאָקטוירים ל. פינקעלשטיין, ל. עפּשטיין און ג. ראָן.

פילנדיק, אַז דער גורל פון געטאָ איז געחתמט, האָבן זיך געמערט די פּרוון צו אַנטלויפן פון הינטערן שטעכלדראָט. מענטשן פלעגן עק־שנותדיק זוכן און צו מאָל געפינען פאַר זיך אַ מקום מקלט. אויף אַזאַ אופן האָבן במשך פון דער צייט פאַרלאָזן דאָס געטאָ די דאָקטוירים פּרופ׳ ש. אַלייסקי, פּרוי פ. גורוויטש, י. אַבראַמאָוויטש, ה. איפּ, א. טאַפּט מיט זייערע פרויען, ב. וואַשצין, ש. מאַטוסעוויטש. דער לעצטער איז דערביי אומגעקומען.

איינע פון די שוידערלעכסטע רציחות, וואָס די היטלעריסטן זענען באַגאַנגען אין ליטע, איז געווען די „קינדער־אַקציע", בעת וועלכער עס זענען אכזריותדיקן צונויפגעכאַפּט און אַרויסגעפירט געוואָרן אויף אומ־קום די קינדער ביז צוועלף יאָר, די עלטערע לייט און אינוואַלידן. צוויי טעג, דעם 27טן און 28טן מאַרס 1944, זענען געגאַנגען איבערן געטאָ דייטשן מיט זייערע אוקראַאינישע משרתים, געווישטערט אויף די בוידע־מער און אין די קעלערס, געזוכט קרבנות. ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצ־רייסנדיקע סצענעס, בעת די רוצחים האָבן געריסן די קינדער פון זייערע מוטערס הענט און געוואָרפן אין געדעקטע לאַסט־אויטאָס. אַ סך מאַמעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין די מאַשינעס, כדי מיטצומאַכן מיט זייערע קינ־דער דעם לעצטן וועג... מען האָט אַרויסגעפירט צום טויט די יתומים, וועלכע זענען אין געהיים געהאַלטן געוואָרן אין איינעם אַ צימער פונעם געטאָ־שפּיטאָל. פון דאַנען האָט מען אויך אַרויסגעפירט צום טויט די

עלטערע דאָקטוירים ב. אורבאַך און ש. קאַבאַקער מיט זייערע פרויען, וועלכע האָבן געוואַכט ביי די בעטן פון די קראַנקע מענער.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט און די דײַטשן האָבן זיך געגרייט אָפּצוטרעטן פון ליטע, איז געקומען דער באַפעל צו עוואַקוירן קאָוונער געטאָ און די צוגעהעריקע צו אים אַרבעטס־לאַגערן. די יידן האָבן געפילט, אַז די ישועה איז נאָענט און דאָ — די דעפּאָרטאַציע. וווהין? צי דען טאַקע, ווי די דייטשן זאָגן, אין אַרבעטסלאַגערן? ס'איז געווען אַ גענוגנדיקער גרונט ניט צו גלויבן די מערדער. מען איז אַריינ־געפאַלן אין אַ פּאַניק און ייאוש. מענטשן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, צווישן זיי — די יונגע דאָקטערין פרל. לעווין און דער באַקאַנטער קלייפּעדער דאָקטער י. בורשטיין.

פון 7טן ביזן 13טן יולי, בעת ווילנע איז שוין געווען באַפרייט, ליקווידירן די דייטשן קאָוונער געטאָ. זיי גייען פון שטוב צו שטוב, רייסן אויף די געמויערטע הייזער מיט גראַנאַטעס, צינדן אונטער מיט פּאַקעלן די הילצערנע שטיבלעך, נאָכן אָפּגיסן די ווענט מיט בענזין. אין די קעלערס און אויף די בוידעמער פון די שטיבער געפינען זיך באַהאַל־טענע יידן. פיל באַהעלטענישן („מאַלינעס") ווערן דורך די דייטשן אויפגעדעקט. פון די אויסבאַהאַלטענע מענטשן טיילן זיי תיכף אָפּ די עלטערע לייט און דערשיסן זיי אויף אַן אָרט. די יינגערע ווערן געטריבן צו די דעפּאָרטאַציע־טראַנספּאָרטן. אַ טייל פון די געטאָ־איינוווינער בלייבט פאַרשטעקט און קומט אום אין די באַהעלטענישן. מען איז משער, אַז איבער צוויי טויזנט מענטשן האָבן געפונען זייער טויט אין די רויכן און פלאַמען פונעם אויפגעריסענעם און אונטערגעצונדענעם געטאָ. צווישן זיי, דער באַוווּסער קאָוונער פרויען־דאָקטער א. ראַבינאָוויטש, די דאָק־טוירים ד. אָרליאַנסקי, פרוי ר. גאַלאַך, מ. גילדע, פרוי ל. טאַנקעל, י. זאַלצבערג, א. מאַטיס, ד. נאַקאַן, ל. פעלדשטיין, י. פרידמאַן, ח. צייטעל. ביי אַ קריסט אין דער באַהעלטעניש איז צו יענער צייט געשטאָרבן דער דאָקטער א. אייזענשטאַדט, וואָס איז געווען געלאָפן פון געטאָ.

## דאָקטוירים אין שאַוולער געטאָ

אַ געטאָ מיט אַ באַפעלקערונג פון פיר און אַ האַלב טויזנט נפשות האָט עקזיסטירט אין שאַוול. איידער מען האָט די יידן אַריינגעטריבן הינטערן שטעכלדראָט, איז איבער זיי דורכגעפירט געוואָרן אַ פערמאַנענטער פּאָגראָם און שחיטה. צווישן די אַרעסטירטע און דערנאָך אומגעבראַכטע אין קורזשער וואַלד הינטער דער שטאָט איז געווען אויך דער דאָקטער י. גען.

פאַר שאַוולער געטאָ איז באַשטימט געוואָרן דער פאָרשטאָט־ראַיאָן, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קאַווקאַז". דאָרט האָט פריער געלעבט די ליטווישע אָרעמקייט. אויך עטלעכע געסלעך אין טראָקער ראַיאָן פון דער שטאָט זענען צוגעטיילט געוואָרן דעם געטאָ.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1941 ווערט דאָס געטאָ געשלאָסן. אין עטלעכע טעג אַרום הויבן זיך אָן די אָרגאַניזירטע מאָרד־אַקציעס. מען טרייבט די יידן אין בוביער וואַלד, אייניקע קילאָמעטער פון שאַוול, ווו זיי ווערן אומ־ברחמנותדיק דערשאָסן.

אין זיין „טאָג־בוך פון שאַוולער געטאָ" דערציילט א. ירושלמי:
סוף נאָוועמבער 1941 האָט דער קרייז־דאָקטער ד. יאַסייטיס גערופן צו זיך די פאָרשטייער פון געטאָ מ. לייבאָוויטש און ב. קאַרטון און זיי איבערגעגעבן דעם באַפעל פון דייטשישן שטאָט־קאָמיסאַר, אַז די יידן מוזן אַרויסנעמען אַלע זייערע קראַנקע פון די שטאָטישע שפּיטעלער. קיין ברירה איז ניט געווען. ווו זאָל מען אָבער אַהינטאָן די קראַנקע? אויפן בית הקברות, וועלכער האָט זיך געפונען אינעם געטאָ־ראַיאָן, זענען געשטאַנען לײדיק דאָס טהרה־שטיבל און דאָס שמשים־הויז. מיט גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען ווי־ניט־איז זיי אָפּצורעמאָנטירן און צו־צופּאַסן פאַר אַ קראַנקנהויז. שווער איז געווען צו לייזן די פּערסאָנאַל־

פראַגע. קיינער פון די דאָקטוירים האָט ניט געוואָלט אָנגעמען דעם פּאָסטן פונעם לייטער פון שפּיטאָל. מען האָט דאָך שוין געוווסט, אַז אין קאָוונער געטאָ האָט מען פאַרברענט דעם שפּיטאָל צוזאַמען מיט די קראַנקע און דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל. דעם פּאָסטן האָט שליסלעך אָנגענומען ד"ר וו. פּייסאַכאָוויטש, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן פיל איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפשדיקע זאָרג פאַר די קראַנקע. דער שפּיטאָל האָט פאַרמאָגט 40 בעטן. די אָפּטיילונג פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקע האָט פונקציאָנירט ניט אָפיציעל און די קראַנקע זענען געלעגן מיט פאַלשע דיאַגנאָזן.

עס זענען אויך געעפנט געוואָרן אין בידע געטאָ־ראַיאָנען צוויי אַמבולאַטאָריעס מיט קאַבינעטן צו היילן ציין. די אַמבולאַטאָריעס האָבן אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט. הונדערטער געטאָ־יידן פלעגן צוליב שלעכטע דערנערונג און שווערע לעבנסבאַדינגונגען ליידן פון פורונקוליאָז און עקזעמעס. אין די אַמבולאַטאָריעס האָבן זיי באַקומען די ערשטע מעדיצינישע הילף. בראש פון איין אַמבולאַטאָריע איז געשטאַנען ד"ר א. קאַמבער, בראש פון דער צווייטער — ד"ר ג. דירעקטאָראָוויטש. טיכטיק מיטגעאַרבעט האָט אין זיי ד"ר ש. וואָלפערט.

אין אַפּריל 1942 ווערט אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף פאַרבאָטן צו געבערן קינדער אין געטאָ. די דאָקטוירים מוזן אין אייניקע פאַלן אַרויסרופן פריגעבורטן, אין אַנדערע — דורכפירן אַבאָרטן.

א. ירושלמי דערציילט אויך וועגן איינער אַן אינספּעקציע אין געטאָ, בעת וועלכער היטלעריסטן האָבן זיך נאָכגעפרעגט, וויפל דאָקטוירים זענען פאַראַן אין געטאָ. אָפיציעל זענען רעגיסטרירט געווען 12 אַנשטאָט 18 דאָקטוירים. אויך האָבן די דייטשן אַרויסגעוויזן אינטערעס פאַר דער צאָל גינעקאָלאָגן און זיך נאָכגעפרעגט, צי זיי קאָנען מאַכן סטעריליזאַציע־אָפּעראַציעס, ווייל, מעגלעך, מען וועט דאַרפן אויסנוצן זייערע קענטענישן...

אויך פון שטאָט זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָנגעפרעגט ביי די ליטווישע דאָקטוירים, צי זיי וועלן זיין גרייט דורכצופירן סטעריליזאַציע־אָפּעראַציעס...

אַ ייאוש האָט אַרומגעכאַפּט די יידן. ס'איז אָבער צו דער סטעריליזאַציע ניט געקומען.

אייניקע דאָקטוירים פון שאַוולער געטאָ האָבן באַקומען די דערלוי־

בעניש צו אַרבעטן אין שטאָטישע מעדיצינישע אַנשטאַלטן. דאָס האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם נאָבעלן דאָקטער ד. יאַסייטיס.

די ציין־דאָקטערין פּ. טאָקער דערציילט, אַז זי איז געווען צווישן אַט די „גליקלעכע". געאַרבעט האָט זי בלויז אַלס סאַניטאַרין, אָבער אונטער אַ דאַך, די קאָלעגן האָבן זיך באַצויגן קאָרעקט, אפילו מיט מיטגעפיל, ס'איז געווען אַ מעגלעכקייט צו דערווערבן אַ ביסל שפּייז און עס אַריינשמוגלען פאַר די קינדער אין געטאָ. דעם פּאָסטן האָט זי באַקומען אויף אַזאַ אופן: דער דאָקטער יאַסייטיס האָט איר געגעבן אַ צעטל צום דירעקטאָר פון פּאָליקליניק ד"ר י. זשילינסקי מיט דער ביטע אָנצונעמען זי אויף אַרבעט. דער זעלביקער זשילינסקי איז ניט איינמאָל געווען אַ גאַסט ביי די דאָקטוירים ח. און פּ. טאָקער אין זייער הויז. אין די נייע באַדינגונגען האָט ער די פרוי באַגעגנט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „בכלל קאָנען מיר אויסקומען אָן יידן, אָבער אין נאָמען פון אונדזער אַלטער באַקאַנטשאַפט וועל איך אייך לאָזן עטלעכע שעה זיך אָפּרוען פון געטאָ"... משמעות, אַז מיט ניט קיין פריינטלעכערע ווערטער און מיטן זעלביקן שאַדנפריידיקן שמייכל האָט ער אויך „אַריינגעלאָזט" אין פּאָליקליניק דעם ד"ר א. פּיק, ווען מען אָרט ער האָט פאַרנומען אין צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע.

פּאָליציסטן פלעגן ביידע יידישע דאָקטוירים ברענגען צו דער פּאָליקליניק. זי פלעגט זיך עפּענען שפּעטער. דער אַלטער דאָקטער א. פּיק און די דעמאָלט אַ סך ייִנגערע פון אים פּ. טאָקער האָבן געמוזט וואַרטן אין דרויסן אויפן טרעפּ ביזן אָנהייב פון דער אַרבעט, ווייל דער וועכטער פלעגט זיי אינעווייניק ניט אַריינלאָזן.

די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע האָט מען נאָך דערלויבט אַריינצונעמען אין שטאָטישן שפּיטאָל אָנשטעקנדיקע קראַנקע. דער לעצטער, וועמען מען האָט אָנגענומען איז געווען דער דריי יאָריקער עזרהלע טאָקער, וואָס איז קראַנק געוואָרן אויף דיפטעריט. לויטן באַפעל פון דעם ליטווישן דאָקטער ק. דאַמאַרקאַס האָט מען אים אָבער קיין דיפטעריטסערום ניט אַריינגעשפּריצט, און דאָס קינד איז אויסגעגאַנגען.

ווינטער 1941/42 זענען אין שאַוול געווען אַ סך פאַלן פון פלעקטיפוס. די דאָקטוירים אין געטאָ האָבן דורכגעפירט אַ גרויסע אויפקלערונגסאַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. מען האָט אָפּגעשאָרן די

האָר, געלאַזט אויספּרירן דאָס בעטגעוואַנד אין דרויסן, געהיט זויבערקייט. די קראַנקע האָט מען שטרענג איזאָלירט און אַזוי אַרום אויסגעמיטן עפּי־דעמיעס.

זומער 1943 זענען אַרום שאַוול אויפגעשטעלט געוואָרן לאַגערן, וווּהין מען האָט אַרויסגעפירט פון געטאָ איבער טויזנט מענטשן. אַלס דאָקטער פונעם לאַגער דאַוגעליי איז באַשטימט געוואָרן א. האַנדין.

אין נאָוועמבער 1943 האָט מען דורכגעפירט די קינדער־אַקציעס אין שאַוולער געטאָ און אין די אַרומיקע לאַגערן. דער געסטאַפּאָ־הענקער פאָרסטער און זיינע געהילפן האָבן געשלעפּט די קינדער און געשליידערט אין לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן זיי געפירט צום טויט. נאָר עטלעכע קינדער איז געלונגען צו ראַטעווען, איבערצייגנדיק די רוצחים, אַז זיי זענען עלטער פון 12 יאָר. אין דער אַקציע איז אויך אַרויסגעפירט געוואָרן דער 70 יאָר אַלטער דאָקטער אורי ראַזאַווסקי, וואָס האָט איבערגעחזרט די טאַט פונעם וועלטבאַרימטן דאָקטער און פּעדאַגאָג יאַנוש קאָרטשאַק, און איז אַוועק צום טויט צוזאַמען מיט די אומשולדיקע ידישע קינדער־לעך.

טאָג איין טאָג אויס האָבן די ידן אין שאַוולער געטאָ, פּונקט ווי אין די אַנדערע לאַגערן, געהאַט אויסצושטיין נגישות, דערנידערונגען און פּיין. צוגלייך מיט אַלעמען האָבן געליטן די דאָקטוירים. אַזוי האָט מען דעם ד״ר ד. דרויאַן געצוווּנגען זיך שטעלן אויף די קני און מער־דערלעך צעשלאָגן, ווייל מען האָט געפונען ביי אים אַ ביסל שפּייז, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן פאַר זיין הונגעריקער משפּחה. אויך דער ד״ר וו. פּייסאַכאַוויטש איז געשלאָגן געוואָרן, ווייל זיין געלער שטערן האָט זיך אַ ביסל פאַרשטעקט אונטערן לאַץ פון רעקל.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, און מען האָט עוואַקוירט אין די דייטשישע קאָנצלאַגערן די ידן פון שאַוולער געטאָ, האָבן דעם דאָזיקן דערנערוועג מיטגעמאַכט אויך די דאָרטיקע ידישע דאָקטוירים, וועלכע זענען ביז דאַן לעבן געבליבן.

## אומקום פון יידישע דאָקטוירים אין פּראָווינץ

וועגן גורל פון די דאָקטוירים, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די געטאָס פון קאָוונע און שאַוול ווייסן מיר ניט ווייניק פּרטים. דערקעגן זענען צו אונדז דערגאַנגען זייער ווייניק ידיעות וועגן אומקום פון די יידישע דאָקטוירים אין דער ליטווישער פּראָווינץ. מיר קאָנען מאַכן דעם אויספיר, אַז זיי זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע שטעטלשע יידן. נאָר אַט זענען אייניקע פּרטים, וועלכע מיר האָבן זיך יאָ דערוווּסט.

אין בוך „ליטע", באַנד 1, ווערט דערציילט, אַז אין בירזש איז דער ערשטער קרבן געווען דער ציוניסטישער עסקן און פּאָפּולערער דאָקטער, לאַנגיאָריקער פאַרזיצער פון דאָרטיקן „אָזע", ד״ר א. ז. לעווין. די דייטשן זענען נאָך אין בירזש ניט געווען, אָבער די ליטווישע „פּאַרטיזאַנער" האָבן זיך צוגעאיילט. זיי האָבן אַרויסגעטריבן די יידן פון זייערע דירות און באַזעצט אין באַראַקן. אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען אַהין געקומען צוויי ליטווינער, אַרויסגערופן דעם ד״ר לעווין, כלומרשט צו אַ קראַנקן, און איינער פון די באַנדיטן האָט אים גלייך אַריינגעשאָסן אַ. קויל אין רוקן. דעם ד״ר לעווין האָט מען נאָך באַוויזן מקבר צו זיין אויפן יידישן בית־עולם.

אין זיין „טאָגבוך פון שאַוולער געטאָ" ברענגט א. ירושלמי צווישן אַנדערן אויך פּרטים וועגן אומקום פון דאָקטוירים אין אייניקע ליטווישע שטעטלעך. אין ציטאָוויאַן האָט דער ראש פון די ליטווישע מערדער צוגע־נומען ביים ד״ר ב. כווידאַן זיין האָב און גוטס, צוזאָגנדיק אים און זיין פאַמיליע צו לאָזן לעבן. דאָס האָבן, אגב, פאַרלאַנגט די ליטווישע איינ־ווינער, ווייל ד״ר כווידאַן איז געווען דער איינציקער דאָקטער און זיין פרוי — די איינציקע ציין־דאָקטערין אין שטעטל. אַ פּאָר טעג נאָך דער שחיטה איבער די אָרטיקע יידן איז דער אָנפירער פון די רוצחים,

דער לערער מאַצקוס, געקומען נאָך דעם דאָקטערס פרוי און קינד. ב. כווידאָן איז צום מאָמענט געווען ביי אַ שווער קראַנקן פויער אין דאָרף. די פרוי האָט געוויינט, זיך געבעטן ביי מאַצקוסן, מיט וועלכן זיי האָבן פריינטשאַפטלעך געלעבט, ער זאָל זיי לאָזן לעבן. איר געבעט האָט ניט געהאָלפן. דער „גוטער פריינט" זייערער האָט זי און דאָס קינד אייגנהענטיק דערשאָסן. ווען ד"ר כווידאָן האָט זיך צוריקגעקערט פון פאַציענט און זיך דערוווּסט וועגן אומקום פון זיין פרוי און קינד, האָט ער געזאָגט צו די מערדער: „איצט קענט איר מיך דערשיסן". די רוצחים האָבן אים דעם דאָזיקן חסד געטאָן...

א. ירושלמי באַשרייבט אויך דעם אומקום פון די יידן אין אַ ריי שטעטלעך, ווי ריטעווע, פלונגע, אַלסיאַד און לוקניק. פון די אַלע ערטער האָט מען די יידן צונויפגעטריבן אין איין אָרט און דערמאָרדעט. פאַרן טויט האָט מען די פאַראורטיילטע געצוווּנגען דורכצומאַכן אַ „שדים־טאַנץ". ניט אַלע האָבן עס אויסגעהאַלטן. דריי מאָן זענען געפאַלן טויט, צווישן זיי דער דאָקטער ס. טרויב. אין צווייטן „שדים־טאַנץ" איז באַזונדערס געפייניקט געוואָרן דער ד"ר מ. זאַקס פון ריטעווע.

אין ראַסיין איז אומגעקומען דער דאָקטער ר. כאַזאַנאָוויטש, אין שילעל — דער דאָקטער מ. ווינדזבערג, אין קאַפּטשעווע — דער דאָקטער י. ראָזענהאָלץ, אין לאַזדיי — דער ווישייער דאָקטער י. פיין.

דער ד"ר ז. אַנגעניצקי פון סימנע איז געווען דער ערשטער, וועמען די ליטווישע הענקער האָבן געצוווּנגען מיט דער משפחה שפּרינגען אין גרוב, וווּ מען האָט צונויפגעוואַלגערט די דערשאָסענע יידן.

דער פאַקרויער דאָקטער מ. שרייבער האָט באַקומען די דערלויבעניש צו בלייבן לעבן און אַרבעטן אויך נאָכן אומברענגען די יידן. אין אַפּריל 1942 האָט מען אים געשאָסן צוזאַמען מיט נאָך יידן, וועלכע מען האָט געפונען אויסבאַהאַלטענע ביי פויערים.

אין שטעטל קראָק האָבן די ליטווישע רוצחים זיך אַריינגעריסן צום דאָקטער אַלפעראָוויטש אין שטוב און אים בעסטיאַליש דערהרגעט. יש אומרים, אַז אַפּגעהאַקט דעם קאָפּ און אַוועקגעשטעלט אויפן בופעט.

פון אַן אַרכיוו־דאָקומענט דערוויסן מיר זיך, אַז דער יורבורגער דאָקטער ב. ריכמאַן איז דערשאָסן געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם צוזאַמען מיטן באַוווּסטן ליטווישן סקולפּטאָר וו. גריבאַס.

צווישן די ערשטע יידישע קרבנות אין פּאָנעוועזש איז געווען דער באַקאַנטער אַלטער דאָקטער ט. גוטמאַן. עס איז באַגאַנגען זעבלסטמאָרד די גאַנצע דאָקטוירים־משפּחה גאָלאָמבעק. צוזאַמען מיט דער פּאָנעוועזשער עדה יידן זענען אומגעקומען די דאָקטוירים ח. ב. אייזינבוד, י. באַראַק, י. בערנשטיין, י. ברעגאַווסקי, ל. גורוויטש.

נאָך דער מלחמה איז דעם אויטאָר פון די שורות אויסגעקומען צו שמועסן מיטן אַלטן ליטווישן דאָקטער ל. ביעלסקאַס פון מאַריאַמפּאָל. דער לעצטער האָט דערציילט, אַז ער האָט געפּרוּווט העלפן דעם אָרטיקן יידישן דאָקטער ד. ראָזענפעלד מיט זיין משפּחה. האָט מען אים, ביעלסקאַסן, געדראָעט, אַז אויב ער וועט ניט אויפהערן מיט זיין הילף, וועט זיך שלעכט פאַר אים ענדיקן. שפּעטער זענען צו אים דערגאַנגען ידיעות, אַז דער דאָקטער ד. ראָזענפעלד מיט זיין משפּחה איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. עס איז אויך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין סאַלאַנט דער דאָקטער י. פּערליס, ניט קענענדיק איבערטראָגן די דערנידערונגען און פּיין.

אויך אין ראָקישאָק זאָלן האָבן אייגנהענטיק פאַרענדיקט מיט זייער לעבן די דאָקטערין מ. פאַרבער־האַנדעלמאַן און איר מאַן, דער ציין־דאָקטער האַנדעלמאַן.

## אין די דייטשישע קאַצעטן

די רעשטלעך קאָוונער און שאַוולער יידן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן צו־ערשט קיין שטוטהאָף, וווּ מען האָט אָפּגעטיילט פון די פרויען די מענער און עלטערע ייִנגלעך און אַוועקגעפירט קיין דאַכאַו. דער צושטאַנד פון די דעפּאָרטירטע איז געווען אַ שרעקלעכער. טאָג איין טאָג אויס האָט מען דורכגעפירט סעלעקציעס און אומגעבראַכט אין די גאַז־קאַמערעס די קראַנקע און שוואַכע. אַ לעבן־געבליבענע פרוי האָט דערציילט, ווי בעת איינער אַ סעלעקציע האָט זיך צו איר אָפּגערופן אַ פרוי, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ זאַק הויט און ביינער: „איר דערקענט מיך זיכער ניט, אַמאָל בין איך געווען פרוי ד״ר לאַזערסאָן". דאָס איז געווען ד״ר ר. לאַזערסאָן, געוועזענע אַסיסטענטין אויף דער קאַטעדרע פון פיזיאָלאָגיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט. זי איז אַוועק אין קרעמאַטאָריום.

דאָ איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד די דאָקטערין ס. קאַמבער. זי האָט דורכגעמאַכט אַ ביטערן וואָגלוועג איבער פאַרשיידענע לאַגערן פון עסט־לאַנד ביז צו די קאַצעטן פון שטוטהאָף. זי האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט אַלס דאָקטערין און זייער פיל געהאָלפן די קראַנקע אין לאַגער. ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט די אסירים מיט שיפן איבערן באַלטישן ים קיין דאַנציג און פון דאָרט — אין שטוטהאָף. איידער מען האָט די פרויען אַריינגעטריבן אין לאַגער, האָט מען זיי געהאַלטן אויסערן שטעכלדראָט, אויפן פרייען פעלד. פון דער ווייט האָבן זיך געזען דריי הויכע קוימענס, פון וועלכע ס׳האָט גע־שפּאָרט אַ רויך פון דער גרעסטער פאַבריק... האָט די דאָקטערין געזאָגט: „קינדער, דאָס איז אונדזער סוף". און האָט זיך איינגעשפּריצט סם...

אין אַן אמתן גהינום זענען אַריינגעפאַלן די מענער פון קאָוונער געטאָ. גענוג דער נאָמען „דאַכאַו", כדי מיר זאָלן זיך קענען אויפשטעלן

אַן אומגעפּערן בילד פון דעם, וואָס די מענטשן האָבן דאָ איבער־געלעבט.

אַ דערשיטערנדיקע שילדערונג פונעם דאַרטיקן לאַגער־לעבן געפינען מיר אין בוך „דעם גורל אַנטקעגן״ פון פּראָפ. אהרן פּרץ (פּערציקאָוויטש), וואָס איז פון קאָוונער געטאָ אַהין פאַרשלעפּט געוואָרן. אַ סך זייטלעך פונעם בוך זענען געווידמעט דעם גורל פון די אַריינגעפאַלענע אינעם קאַצעט דאַקטוירים און זייערע באַמיונגען צו לינדערן די ליידן פון די קאַצעטלער. אָט זענען אייניקע אויסצוגן פון דאָזיקן בוך:

„מען מוז זוכן מיטלען, ווי די מענטשן מיט הוילע הענט צו העלפן... עס איז ניט געווען מיט וואָס אַ וווּנד צו פאַרשמירן און פאַרדעקן. דער חולה פלעגט אָפּרייסן אַ שטיק פון זיין העמד אָדער רעקל, כדי זיינע ווונדן צו פאַרבינדן... דער קוכער פון דער דייטשער קיך פלעגט אונדז אַ טובה טאָן און געבן פּאַפּיר־זעק פון צוקער. פון די זעק האָבן מיר געשניטן בינטן. אַ מאָל פלעגן מיר באַקומען פּעטע פּאַפּיר פון מאַרגאַרין. דאָס דאָזיקע פּאַפּיר האָבן מיר צוגעלייגט צום ווונד און מיטן זאַק־פּאַפּיר פאַרבונדן. די אייטער־קעשענעס האָבן מיר געשניטן אָן נאַר־קאָז... דעם דורכפאַל, וואָס איז געווען די פאַרשפּרייטסטע קראַנקייט אין לאַגער, האָבן מיר באַהאַנדלט מיט קוילן, וואָס מיר האָבן אַליין געמאַכט פון פאַרברענטע האָלץ... אויף דעם לאַגער־באָדן זענען אויסגעוואַקסן קראַנקייטן, וואָס די וועלט האָט נאָך פון זיי ניט געוווּסט...

יעדע פּאָר שעה — אַ מת. יעדע אַרבעט־בריגאַדע פלעגט ברענגען מיט זיך פון דער אַרבעט צענדליקער קראַנקע, פאַרחלשטע און טויטע... די שווערע אַרבעט, די ליידן פון די אַרומיקע האָבן אונדז, דאַקטוירים, ניט פאַרהאַרטעוועט און ניט פאַרגרעבט... מיר האָבן אונטערגעהאַלטן איינער דעם צווייטן, ניט געלאָזט דעגענערירן און מאָראַליש אויסרינען... דער קראַנקער האָט געפילט אונדזער באַציונג צו אים און דעריבער האָט ער זיך אַזוי געקלאַמערט אָן אונדז. זיין צוטרוי האָט אונדז נאָך מער פאַרבונדן און פאַרפליכטעט״.

די שווערע קאַטאָרגע־אַרבעט און די אוממענטשלעכע לעבנסבאַדינגונגען, דעם הונגער און די באַקומענע קלעפּ האָבן ניט אויסגעהאַלטן

די קאָוונער דאָקטוירים ל. גערשטיין, פּראָפ. וו. לאַזערסאָן, דער ציין־דאָקטער גליקמאַן.

ס׳האָבן דורכגעמאַכט דעם שווערן דערנערוועג און זענען געבליבן לעבן די דאָקטוירים: מ. בערמאַן, מ. בראַונס, פרוי ר. באַר־ווישטאַנעצקי, ש. נאַבריסקי, ל. גאָלדשטיין, ז. גרינבערג, א. סעגאַל, ג. עלקעס, פרוי ד״ר ר. עליאַשעוויטש־גורוויטש, א. פּערציקאָוויטש, נ. כץ, פרוי ר. קאַפּלאַן־מאַלק, א. קליבאַנסקי, קלעבאַנאָוו, קאַגאַן, פרוי ר. ראָזענבליום ווי אויך די ציין־דאָקטוירים: אַקאַבאַס, גריליכעס, לוריע.

די שווערע פיזישע און מאָראַלישע עינויים האָט ניט אויסגעהאַלטן דער געוועזענער פאָרזיצער פונעם עלטעסטן־ראָט פון קאָוונער געטאָ דאָקטער א. עלקעס, וואָס האָט פאַר קיין פאַל ניט מסכים געווען צו פאַרנעמען אַ וועלכן ניט איז פּאָסטן אין דער יידישער לאַגער־אַדמיניסטראַציע. אין דריי חדשים אַרום האָט ער אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה.

ניט געקוקט אויף דעם אוממענטשלעכן לאַגער־רעזשים, פלעגן די געזעלשאַפטלעך אַקטיווע מענטשן אין געהיים אָרגאַניזירן פון צייט צו צייט אַ געוויסע קולטור־טעטיקייט — שמועסן וועגן די געשעענישן אויף די פראָנטן, וועגן אַלגעמיינע אָדער יידישע פּראָבלעמען. דער דאָקטער ל. גאָלדשטיין איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע לעקטאָרן אויף פּאָפּו־לערע מעדיצינישע טעמעס.

מיט טיפער אַכטונג און דאַנק דערמאָנען די געוועזענע קאַצעטלער די איבערגעגעבנקייט פון די קאָוונער יידישע דאָקטוירים מ. בראַונס, א. פּערציקאָוויטש און ש. נאַבריסקי, וואָס האָבן ניט איין מאָל זיך געשטעלט אין געפאַר, זאָרגנדיק פאַר די קראַנקע, מען זאָל זיי ניט טרייבן צו דער שווערער צוואַנגס־אַרבעט. דערקעגן הערן זיך די שטאַרקסטע תביעות צום דאָקטער ב. זאַכאַרין, וואָס איז געווען דער לייטער פונעם צענט־ראַלן קראַנקן־רעוויר. ער איז געווען ברוטאַל אין באַציונג צו די קוים זשיפּענדיקע קאַצעט־מענטשן, האָט געהאָלפן די דייטשן דורכפירן סע־לעקציעס צום טויט אין די גאַז־קאַמערעס און קרעמאַטאָריומס.

נאָך דער באַפרייונג האָט זיך די שארית הפליטה פון קאָוונער יידן קאָנצענטרירט אין מינכען און די אַרומיקע שטעט, וווּ עס זענען אויך אָנגעקומען געלאָפענע יידן פון ליטע, ווי אויך יידישע פרויען פון קאָוו־נע וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון די לאַגערן אַרום שטוטהאָף.

אַ וויכטיקע ראָל אין אויפשטעלן דאָס געזונט פון די באַפרייטע ייִדן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע האָבן געשפּילט די ייִדישע מעדיקער פון ליטע. די דאָקטוירים ח. איפּ, מ. בערמאַן, ש. נאַבריסקי זענען געווען די איניציאַטאָרן פון דער ערשטער מעדיצינישער פאַראייניקונג. פאָר־זיצער איז געווען ד״ר ש. נאַבריסקי. עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר פון די מעדיקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנדסבערג אָנהייב פעברואַר 1946, מיט דער באַטייליקונג פון 117 מעדיצינער. אויף דער דערעפענונג־זיצונג האָט ד״ר ל. גאָלדשטיין רעפערירט אויף דער טעמע „די עקספּערימענטן פון די ס.ס.־דאָקטוירים אין די קאַצעטן". דאָס איז געווען אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער דייטשישער מעדיצינישער וועלט. ד״ר וו. פּייסאַכאָוויטש האָט גערעדט וועגן געשווילעכצן מחמת הונגער, פון וועלכע ס'האָבן געליטן כמעט אַלע קאַצעט־אסירים.

וועגן הונגער־קראַנקייטן האָט רעפערירט ד״ר א. קראַנזאַן.

אין יאַנואַר 1947 קומט פאָר דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע מעדיצינער אין דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע פון דייטש־לאַנד. אַלס פאָרזיצער פונעם פּרעזידיום ווערט אויסגעקליבן ד״ר ל. גאָלדשטיין, אַלס גענעראַל־סעקרעטאָר — ד״ר נ. כץ. ווי מיר זעען זענען די ייִדישע דאָקטוירים פון ליטע געווען אַקטיוו געזעלשאַפטלעך, הגם זייער צאָל האָט באַטראָפן בלויז אַ קנאַפּן אַכטל פון דער אַלגע־מיינער צאָל ייִדישע דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין דייטשלאַנד.

## אין הינטערלאַנד און אויפֿן פראָנט

אַרום הונדערט יידישע דאָקטוירים פון ליטע איז געלונגען צו אַנטרינען פון די היטלעריסטן אין דער טיף פונעם ראַטנפאַרבאַנד. ניט שטענדיק האָבן די עוואַקוירטע אינעם הינטערלאַנד זיך דערוואַרט אַ קאָרעקטן אויפנעם פון די אַרטיקע איינוווינער. אַזוי ווי דער רוב פון די פליטים איז געווען יידן, האָט די באַציונג פון אומצוטרוי צו די אַנגעלאָפענע גע־טראָגן אויך אַן אַנטיסעמיטישן בייגעשמאַק. באַזונדערס פלעגט זיך דאָס אַרויסווייזן ביים זוכן אַרבעט. אַ העלפט פון די עוואַקוירטע יידישע דאָק־טוירים זענען אַוועק דינען אין דער אַרמיי, בעיקר אין דער „ליטווישער דיוויזיע", וואָס איז אין איר מערהייט באַשטאַנען פון יידן, און ווירדיק זיך באַטייליקט אינעם קאַמף קעגן דעם נאַצישן שונא.

אין דער „ליטווישער דיוויזיע" האָבן געדינט די געניטע יידישע דאָקטוירים־כירורגן ש. פּטאַשעק, ש. ראַבינאָוויטש, מ. סאָבאָל. אַ דאַנק זייערער מסירת־נפשדיקער אַרבעט איז דער פּראָצענט צוריקגעקערטע צום אַקטיוון מיליטער־דינסט אין די רייען פון דער דיוויזיע געווען זייער אַ הויכער. איבערגעגעבן טעטיק זענען אין דער זעלבער ליטווישער דיוויזיע די אינערן־דאָקטוירים א. אַרש, נ. בוכמאַן, ח. גאָלדבערג, פּ. גאַנטאָוניק, י. גלאובערזאָן, פּרוי ב. יעדייקין־שאַפּיראָ, מ. וויטענאַס, ז. וויטענשטיין, ש. זאָווילעוויטש, מ. יאַנאָוו, ש. לאָבענסקי, מ. לייזעראָוו־סקי, י. לעווינזאָן, א. מיכאַלישעק, ג. סאָוכעט, מ. קאַשטשענעווסקי, ח. קיבאַרסקי, מ. ראַבינזאָן, א. רובינשטיין, מ. שיינבערג און אַנדערע, אַלע מיט אַ באַדייטנדיקן פּראַקטישן סטאַזש און דערפאַרונג. אַ דאַנק זיי געפינט זיך די מעדיצינישע דינסט פון דער דיוויזיע אויף אַ געהעריקער הויך.

אויך אין אַנדערע טיילן פון דער סאָוועטישער אַרמיי האָבן געדינט

יידישע דאָקטוירים פון ליטע, ווי דער כירורג י. סאַוויטש, דער דער־מאַטאָלאָג ד. אַראָנין, די דאָקטוירים מ. אַראָנע און י. לעווין, די אינערן־דאָקטוירים ר. בראַמבערג, א. דוגאָווסקי, ח. טאַקער, מ. יעד, ש. מאַר־קאָוויטש, א. סקליוטאַוסקאַס, פרוי א. קראַניק און אַנדערע.

אַלע קערן זיי זיך אום פון פראָנט, באַלוינטע מיט אָרדענס און מעדאַלן.

אין צענטראַלן שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט מיט דער מעדיצינישער באַזאָרגונג פון די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן אין הינטער־לאַנד פון שונא אָנגעפירט דער דאָקטער ל. שטיין.

אין די שלאַכטן מיט די נאַצישע פאַרכאַפּערס פאַלן די יונגע יידישע דאָקטוירים פון ליטע — פּ. בער און מ. שוואַרץ, ווי אויך דער ווילנער יונגער דאָקטער דאַשעווסקי. ס'ווערט שווער פאַרווונדעט אין האַנט און בלייבט אַן אינוואַליד דער דאָקטער ח. טעפּער.

אין פאַרשיידענע ערטער און שטעט פון רוסלאַנד און מיטל־אַזיע האָבן געאַרבעט ביז צו זייער צוריקקער קיין ליטע אַ סך עוואַקוירטע יידישע דאָקטוירים: ג. איציקאָוויטש, א. אַלפּעראָוויטש, פרוי ס. ביאַ־לאַבלאָצקי, ב. בליודז, ק. בלעכער, ב. גאָלדענגיים, י. גוטמאַן, פרוי ש. גלאַובערזאָן־דולמאַן, י. גליקמאַן, ב. דאַמסקי, פרוי וואָלפּע־פּרייס, ש. זימאַן, ל. יאַמין־נאַרקין, י. לוטשנאַ, ז. ליוושין, י. ליפשיץ, נ. לייקין, ב. לעווין, מ. לעווין, מייזעל, וו. מיצעלמאַכער, פרוי מעץ־שאַפּיראָ, פרוי ב. נייווידעל־מייזלער, פרל. ל. פינקעלשטיין, ל. פּאַטאַשינסקי, פרוי ד. קאַ־דיש, פרוי ג. קאַגאַן־שטשערבאַקאָוו, צוקערמאַן, י. קאָוואַרסקי, ט. קאַגאַן, ל. קאַגאַן, ה. קופּריץ, ר. קרומבערג, מ. ראַבינאָוויטש, פּ. ראַבינאָוויטש, ד. ראַכמיל, ח. ראַכמיל, ר. ראַקוזין, י. ריק, א. שאַפּיראָ, פרוי ה. שאַפּיראָ, פרוי ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין, ל. שוואַרץ, פרוי א. שטיינמאַן־לעווין, שיפּמאַנאָוויטש און אַנדערע.

## ליטווישע דאָקטוירים אין שעה פון נסיון

ניט איין ליטווישער דאָקטער האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו די מעשים נוראים פון די ליטווינער, וואָס האָבן געדינט די היטלעריסטן און אָפּגעטאָן פּאַר זיי די בלוטיקסטע הענקער־אַרבעט. געוויס צו דערמאָנען דעם ציניזם פונעם טעלזשער קרייז־דאָקטער מיקולסקיס, וואָס האָט אין נאָמען פון „הומאַניזם״ געפאָדערט, מען זאָל נאָכן אויסמאָרדן די מענער וואָס גיכער אַ סוף מאַכן צום לעבן פון די שטעטלשע יידישע פרויען. אָדער דער פאַל מיטן שאַוולער דאָקטער זשילינסקאַס. עלטערן פון די פאַרבלי־בענע יידישע קינדער אין געוועזענעם פּאָלאַנגער פּיאָנערן־לאַגער האָבן זיך צו אים געווענדעט, ער זאָל העלפן באַפרייען די קינדער, ווייל מען האַלט זיי דאָרט פאַרשפּאַרט אין דער שול־געבידע אָן עסן און טרינקען, מען האָט זיי געשלאָגן און געדראָעט צו דערשיסן. אויף דעם האָט זשי־לינסקאַס געענטפערט: „ווער עס האָט זיך פריער געפרייט, זאָל איצט וויינען״. און דער קאָוונער דאָקטער י. זובקוס, צו וועמען זיינער אַ יידישער קאָלעגע האָט זיך געווענדעט מכוח אויסבאַהאַלטן אינסטרו־מענטן, האָט אַזוי רעאַגירט: „דאָס קומט ניט אין פראַגע. ווען איך בין ניט קיין דאָקטער, וואָלט איך אַליין גענומען אַ ביקס און געגאַנגען שיסן יידן״.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט די שענדלעכע האַנדלונג פונעם קאָוונער ליטווישן דאָקטער מאַטוסעוויטשיוס, וואָס האָט איבערגעגעבן אין די הענט פון די רוצחים דעם ד״ר ג. קאַלאַדני מיטן ציל צו פאַרנעמען זיין דירה און קאַבינעט. געמיין האָבן געהאַנדלט בנוגע זייערע יידישע קאָלעגן די ליטווישע דאָקטוירים פּראָפ. פּ. גודאַוויטשיוס, בוטרימאַוויטש־יוס און אַנדערע.

עס זענען אָבער געווען צווישן די ליטווישע דאָקטוירים ניט ווייניק

אמתע הומאַניסטן, וואָס האָבן, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, אויסגעשטרעקט אַ האַנט די יידן אין זייער שרעקלעכער נויט. צווישן זיי מוז דאָ דערמאָנט ווערן די קאָוונער אויגן־דאָקטערין ה. קוטאָרגענע. דאָס איז געווען די איינציקע ניט יידישע דאָקטערין, וואָס האָט קנאַפּע צוואַנציק יאָר גע־אַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע פון „אָזע" און האָט זיך שטענדיק אויס־געצייכנט מיט איר הומאַניזם. זי האָט בעת דער היטלעריסטישער אָקו־פּאַציע געהאָלפן יידן מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט. זי האָט געפירט אַ טאָגבוך, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ איר גרויסע מענטשנליבע און ווייטיק צוליב די יידישע ליידן. ה. קוטאָרגענע האָט אויך אַקטיוו אָנטייל־גענומען אין דער אונטערערדישער אַנטינאַציסטישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, געהאָלפן פּאַרטיזאַנער, באַזונדערס יידישע פּאַרטיזאַנער. אויך איר זון וויקטאָראַס, אַ יונגער דאָקטער, האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרץ די יידישע טראַגעדיע. ער האָט מיטגעהאָלפן דער מוטער אין איר דרייסטער און לעבנסגעפערלעכער טעטיקייט.

דער קאָוונער קינדער־דאָקטער פּ. באַובליס איז בעת דער היטלעריס־טישער אָקופּאַציע געווען דירעקטאָר פון ליטווישן יתומים־הויז „לאָפּשיאַ־ליס". אין זיין אַנשטאַלט האָט ער אַריינגענומען אַ צאָל יידישע קינדער, וועלכע מען פלעגט, אַפּריידנדיק מיט אים, אונטערוואַרפן ביים אַריינ־גאַנג פון „לאָפּשיאַליס". אונטער נעמען פון ליטווישע קינדער האָט ער זיי אויסגעהיט פון טויט.

מיט דער גרעסטער געפאַר פאַר זיך האָבן די קאָוונער ליטווישע דאָקטערינס מ. בוטקעוויטשענע, מ. זוברענע, אָ. לאַנדסבערגענע געראַ־טעוועט איינקע יידישע קינדער, דערין די טעכטער פון ד"ר פּ. גורוויטש.

אויך די שאַוולער ליטווישע דאָקטערין י. לונענע האָט פיל געהאָלפן יידן. ביי זיך אין שפּיטאָל האָט זי געשאַפן אַזאַ מין „הילפס־צענטער" צו ראַטעווען יידישע קינדער, שטעלנדיק איר אייגן לעבן אין סכנה.

דעם באַקאַנטן אין ליטע אַקושער און גינעקאָלאָג פּראָפ. פּ. מאַ־זשיליס האָבן די ליטווישע שאָוויניסטן באַזייטיקט פון אוניווערסיטעט און אַריינגעוואָרפן אין אומחן. דאָס האָט אים אָבער ניט אָפּ פון געבן הילף יידן. ער קומט אין געטאָ דורכצופירן אַן אָפּעראַציע. ער האָט אין זיין קליניק ביז צו דער באַפרייונג אַן אונטערגעוואָרפן יידיש קינד.

דער דאָקטער פּ. גורבודאָס פונעם קליינעם שטעטל אוזשווענטיס

האָט מיט זיין אויטאָריטעט געפרוווט ווירקן אויף די ליטווישע באַנדיטן, זיי זאָלן אויפהערן רויבן און מאָרדן. די יידן האָט ער געוואָרנט, אַז מען גרייט זיך זיי צו דערשיסן. אַ טייל יידן זענען זיך צעלאָפן אין די וועלדער. מיט נאָך עטלעכע פּאַרטרויטע מענטשן האָט ער געשאָפן באַהעלטענישן ווו יידן האָבן זיך געראַטעוועט. דער זעלביקער דאָקטער גורבודאַס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן הילף אַ ליטווישן היטלער־משרת, דערקלערנדיק, אַז ער באַטראַכט ניט פאַר קיין מענטש אַזוינעם, וואָס איז איינגעטונקט אין מענטשלעך בלוט. זיין אויפפירונג האָט ניט געקאָנט בלייבן בסוד פון די מאַכטהאָבער. ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון שטעטל און זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיין טאָכטער אין קלייפּעדע.

דער באַשיידענער דאָרפס־דאָקטער וו. זשאָקיאַוויטשיוס האָט אַליין געהאָלפן און געווירקט אויף די פויערים, זיי זאָלן העלפן יידן. ביי זיך גופא האָט ער געגעבן אַ מקום מקלט דעם געלאָפענעם פון קאָוונער געטאָ ד״ר ש. מאַטוסעוויטש מיט זיין משפחה. געסטאַפּאָ האָט זיך דערפון דערוווסט, געמאַכט אַן איבערפאַל איבער דער שטוב, געפונען די יידן און דערשאָסן. צוזאַמען מיט זיי איז אויך אומגעקומען זייער מכניס־אורח, דער חסיד אומות העולם וו. זשאָקיאַוויטשיוס.

## אַ לעצטער סך־הכּל

צום ליטווישן זשורנאַל „מעדיציניאַ", דערשינען אין יאָר 1937, איז ביי־געלייגט אַן אויסגאַבע פון געזונטהייטס־דעפּאַרטאַמענט ביים אינערן־מיניסטעריום פון ליטע: אַ פולע רשימה פון דעם מעדיצינישן, וועטערי־נאַרישן און פאַרמאַצעווטישן פּערסאָנאַל און אַנשטאַלטן. די יידישע דאָק־טוירים — 332 פּערזאָן פון דער אַלגעמיינער צאָל 798 — באַטרעפן 41 פּראָצענט. די רשימה נעמט אַרום די דאָקטוירים, וואָס האָבן געענדיקט ביזן יאָר 1936. כּדי צו מאַכן אַן אומגעפערן חשבון פון דער צאָל יידישע דאָקטוירים אין ליטע ביזן דייטשישן איבערפאַל, דאַרף מען צו דער דאָק־טוירים־צאָל פון יאָר 1936 צורעכענען די אַרויסלאָזן פון מעדיצינישן פאַ־קולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט פון די יאָרן 1937—1941. דורכ־שניטלעך 25 פּערזאָן אַן אַרויסלאָז. צו דעם דאַרף מען דערגעבן די דאָקטוירים־יידן, וואָס האָבן געענדיקט אין אויסלאַנד און וועמענס דיפּלאָמען מען האָט אין די לעצטע יאָרן באַשטעטיקט, אומגעפער 25 פּערזאָן. אַזוי אַרום קאָן מען שאַצן די אַלגעמיינע צאָל יידישע דאָקטוירים אויף אומגעפער 480. פון זיי זענען אומגעקומען ביי 300. אַרום 70 דאָקטוירים זענען איבערגעקומען די געטאָס און לאַגערן און געבליבן לעבן. לויט אַן אויפגעשטעלטער רשימה האָבן אין דער סאָוועטישער אַר־מיי, דאָס רוב אין דער ליטווישער דיוויזיע, געדינט 49 יידישע דאָקטוי־רים פון ליטע. אין דער עוואַקואַציע אין דער טיף פון רוסלאַנד האָבן זיך געפונען ביי 50 יידישע דאָקטוירים פון ליטע. דורך דער ראַטנמאַכט זענען רעפּרעסירט געוואָרן 7 יידישע דאָקטוירים פון קאָוונע און פּראָווינץ.

אין אָט דעם טייל פון בוך גיבן מיר אָפּ כבוד די יידישע דאָקטוירים פון ליטע —

וואָס זענען אומגעקומען על קדוש השם בימי היטלער ימ״ש;

וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס און זייערע ליטווישע משרתים;

וואָס זענען געווען קרבנות פונעם סטאַלין־רעזשים;

וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם קאָשמאַר פון געטאָ און קאַצעט און זענען צוליב דעם פּריצייטיק געשטאָרבן;

וואָס האָבן געקעמפט אויף די פראָנטן פון דער אַנטיהיטלעריסטישער מלחמה;

וואָס זענען געווען אַקטיוו אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידישן קבוץ אין ליטע;

וואָס זענען געווען צווישן די וועטעראַנען פון דער עליה;

וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן פאַר ישראל...

צוליבן פעלן פון די עלעמענטאַרסטע פּרטים פון זייער לעבן איז, צום גרויסן באַדויערן, ניט מעגלעך געווען אָפּצומערקן אַלע דאָקטוירים, וואָס זענען מער ניטאָ און האָבן פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן.



## ברוך-מאיר אורבאַך

געבוירן אין יורבורג אַנהויב די זיבעציקער יאָרן פון פאַריקן יאָר־הונדערט, געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין קאַזאַן.

פראַקטיצירן האָט ער אָנגעהויבן אין לאָדזש (פוילן). שפּעטער זיך באַזעצט אין פּעטערבורג. געאַרבעט ווי אַ קינדער־דאָקטער. פון דאַנען פאָרט ער אַריבער אין יעקאַטערינאָסלאַווער געגנט און אַרבעט אין די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס.

אין יאָר 1919 קערט זיך ב.־מ. אורבאַך אום קיין ליטע, באַזעצט זיך אין קאָוונע. ער איז אַ דאָקטער פון „גיכער הילף", פון דער קראַנקן־קאַסע, פון יידישן בית־יתומים, לטובת וועלכן ער פירט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. זיין באַשיידנקייט און איבערגעגעבנקייט די קראַנקע רופן אַרויס גרויס אַכטונג צו אים. ער איז אויך דער דאָקטער פון דער קאָוונער העברעישער גימנאַזיע („שוואַבעס"). די שילער דערמאָנען אים עד היום מיט דאַנק און יראת־הכבוד.

נאָך דעם ווי די היטלעריסטן פאַרכאַפּן ליטע, פאַלט ב.־מ. אורבאַך אַריין אין קאָוונער געטאָ. אַ שווער קראַנקן האָבן אים די נאַצישע רוצחים אַרויסגעשלעפּט פון שפּיטאָל בעת דער אַקציע אויף קינדער און אַלטע לייט (27 מערץ 1944) און דעפּאָרטירט צום טויט, משמעות, קיין אוישוויץ.



## חיים בן-ציון אייזינבוד

געבוירן אין פאַנעוועזש אין יאָר 1893. געענדיקט „קאַגאַנס ידישע גימ־נאַזיע" אין ווילנע. ניט קאָנענדיק אַנקומען אין אַן אוניווערסיטעט, פאַרט ער ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה שטודירן מעדיצין אין באַזעל (שווייץ). נאָך דעם ווי ער ענדיקט דעם ערשטן קורס, געלינגט אים דורך אַ „הגרלה" אַנצוקומען אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. ער ענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט און ווערט מאָביליזירט ווי אַ דאָקטער אין דער רויטער אַרמיי.

אין יאָר 1922 געלינגט אים זיך אומצוקערן קיין פאַנעוועזש, ווו ער נעמט פראַקטיצירן ווי אַ דאָקטער פון אינערלעכע און קינדער־קראַנ־קייטן.

ער איז איינער פון די גרינדער פון פאַנעוועזשער העברעישער גימ־נאַזיע און איר דאָקטער. ער איז דאָרט אויך דער לערער פון היגיענע.

ח.־ב. אייזינבוד איז געווען אַן אויסגעצייכנטער לעקטאָר און האָט יאָרן־לאַנג געלייענט לעקציעס אויף טעמעס פון היגיענע אין פאַנע־וועזשער פאָלקס־אוניווערסיטעט. אַלע יאָרן איז ער געווען אַן אַקטיווער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „אָזע", זיך באַטייליקט אין אַלע אירע קאָנ־פערענצן. ער איז אויך אַקטיוו אין דער ליטווישער געזעלשאַפט צו באַ־קעמפן טובערקוליאָז.

ח.־ב. אייזינבוד איז געווען אַ באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן. אין יאָר 1936 האָט ער זיך באַטייליקט ווי אַ דעלעגאַט אין ערשטן דאָקטוירים־קאָנגרעס אין ארץ־ישראל, ווו ער האָט געהאַלטן אַ פאָרטראָג וועגן דעם געזונט־צושטאַנד פון דער יידישער יוגנט אין ליטע, „אין אַ ריינעם און זאַפטיקן עברית" — לויט דער אָפּשאַצונג פון דער צייטונג „דבר".

ווען היטלער־דייטשלאַנד איז באַפאַלן ליטע, איז ח.־ב. אייזינבוד געוואָרן מאָביליזירט צו געבן מעדיצינישע הילף די פּילצאַליקע פאַר־ווונדעטע אויפן פליפעלד ביי פּאָנעוועזש. צוליב דעם האָט ער ניט באַ־וויזן זיך צוריקצוציען אין דער טיף פון רוסלאַנד און איז אַריינגעפאַלן צו די נאַציס.

אין די ערשטע אָקופּאַציע־טעג ווערט ער אַרעסטירט צוזאַמען מיט נאָך אַנגעזעענע פּאָנעוועזשער יידן. איינער פון די, וואָס איז מיט אים צוזאַמען געווען אין תפיסה און וועמען ס׳איז געלונגען זיך צו ראַטעווען, האָט דערציילט ווי ח.־ב. אייזינבוד האָט באַדויערט, וואָס ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וועגן טובער־קוליאָז ביי די ליטווישע יידן. דער כתב־יד איז,ליידער, פאַרפאַלן געוואָרן. פון תפיסה האָט מען אים געבראַכט צום הריגה־פּלאַץ. אַ ליטווינער האָט נאָך דער מלחמה דערציילט, אַז דער דאָקטער אייזינבוד האָט זיך גע־ווענדעט צו די ליטווישע רוצחים און געזאָגט: „מיין גאַנץ לעבן האָב איך געהיילט אייך און אייערע קינדער, און איר מאָרדעט אונדז. לאָזט כאָטש לעבן אונדזערע קינדער"...

צוזאַמען מיט די קדושים פון פּאָנעוועזש איז ח.־ב. אייזינבוד מיט זיין משפחה אומגעקומען אין אויגוסט 1941.



## יצחק איפּ

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1885. די רייפקייט־צייגעניש האָט ער באַ־קומען ווי אַן עקסטערן. געאַרבעט אין אַן אַפּטייק. מיט אייגענע כוחות געשאַפן זיך מיטלען צו שטודירן מעדיצין אין דער שווייץ. נאָכן ענדיקן

געאַרבעט דאָרט עטלעכע יאָר אין פאַרשיידענע קליניקעס.

אומגעקערט זיך קיין ליטע, פראַקטיצירט ער אין די שטעטלעך ראַד־ווילישאָק און ערזשווילקי. באַזעצט זיך דערנאָך אין קאָווגע. אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ווערט י. איפּ אַן אַקטיווער טוער אין „אָזע״. באַזונדערס גרויסע פאַרדינסטן האָט ער אויפן געביט פון מעדיצינישער אויפקלערונג. זיינע אַרטיקלען אויף מעדי־צינישע טעמעס ווערן געדרוקט אין דער קאָוונער טאָג־צייטונג „פאָלקס־בלאַט״, אין דעם ווילנער פאָפולער־מעדיצינישן זשורנאַל „פאָלקס־געזונט״, וואָס דערשיינט אונטער דער רעדאַקציע פונעם באַוווסטן דאָקטער צמח שאַבאַד.

י. איפּ איז געווען אַן אויסגעצייכנטער לעקטאָר־פּאָפולאַריזאַטאָר. אויף די „שוועסטער־קורסן״ פון „אָזע״ ווערט ער אַן אמתער דערציער פון אַ גאַנצער פלעיאַדע מעדיצין־אַרבעטערינס, אין וועלכע ער פלאַנצט ליבע און איבערגעגעבנקייט צו זייער הומאַנעם באַרוף, וואָס זענען אויך די אייגנשאַפטן פון אים ווי אַ דאָקטער.

י. איפּ איז אַ ספּעציאַליסט פון הויט־ און ווענערישע קראַנקייטן. ער איז אָבער אַן אַלזייטיק געבילדעטער דאָקטער, אַזוי אַז עס ווענדן זיך צו אים פאַרשיידענע קראַנקע און פאַר אַלעמען געפינט ער אַ ראָט פון אַן אויפמערקזאַמען און הילפסגרייטן מעדיציןֿ־טוער. ער איז אַן עכטער פאָלקס־דאָקטער און צוגלייך אַ טעטיקער מענטש אויף פאַר־שיידענע קולטור־געזעלשאַפטלעכע געביטן. ער דרוקט אַרטיקלען אויף פובליציסטישע און ליטעראַרישע טעמעס, גיט זיך אָפּ מיט קריטיק און רעצענזיעס וועגן טעאַטער, מוזיק און קונסט. ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינע פען און אַ סטיל, וואָס האָט איבערצייגעוודיק גערעדט צום האַרץ פון די לייענער.

סוף די דרייסיקער יאָרן האָט י. איפּ זיך געפונען אין דרום־אַפריקע, ווו ער איז צוליב פאַרשיידענע סיבות אין משפחה־לעבן פאַרוואָגלט געוואָרן. ער איז פון דער יוגנט אַן געווען באַווירקט פון ראַדיקאַלע אידייען און רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און זיך מיט גרויס סימפּאַטיע באַצויגן צום ראַטנפאַרבאַנד. ווען ליטע איז געוואָרן סאָוועטיש, האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין קאָוונע. זיין אַנטוישונג אין דער סאָוועטישער אָרדענונג, וואָס איז שוין געווען אויפגעקומען בעת אַ פריערדיקן באַזוך

זיינעם אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיך איצט געשטאַרקט. ווען די היטלעריס־טישע חיילות האָבן זיך געוואָרפן אויף ליטע, האָט ער ניט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס האָט זיך אים געמאַכט, זיך צו עוואַקוירן אין דער טיף פון רוסלאַנד. ער איז געבליבן אין קאָוונע, און ווי נאָר די דייטשן האָבן געהאַלטן ביים פאַרכאַפּן די שטאָט, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.



## חיים-מאיר איציקסאָן

געבוירן אין טרישקי אין יאָר 1904. געלערנט אין לידער ישיבה. געענ־דיקט אין קאָוונע מיטלבילדונג און שטודירט מעדיצין אין קאָוונער אוני־ווערסיטעט. געאַרבעט אַלס וואָלאָנטער־אַסיסטענט אין דער פרויען־קליניק פון פראָפ. פּ. מאַזשיליס. גוט געקענט אַ ריי שפּראַכן, געווען זייער מוזי־קאַליש און שיין געזונגען.

אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ. אין אָקטאָבער 1942 פאַרשלעפּט גע־וואָרן קיין לעטלאַנד, אין שרעקלעכן לאַגער קייזערוואַלד־ספּילווע, ביי ריגע. בעת איינער אַ סעלעקציע, פרילינג 1944, אַוועקגעשיקט געוואָרן צום אומקום אין אוישוויץ.



## שרה אַלייסקי-אַבראַמאָוו

געבוירן אין בולגאַריע אין יאָר 1902. האָט געשטודירט מעדיצין און פאַר־ענדיקט אין יאָר 1927 דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פונעם אוניווערסיטעט אין האַלע אויף דער זאַאַלע (דייטשלאַנד). ספּעציאַליזירט זיך צוויי יאָר אין בערלין. באַזעצט זיך דערנאָך אין קאָוונע. גיט דאָ אָפּ אין יאָר 1933 די מלוכה־עקזאַמענס.

פּראַקטיצירנדיק דערוועדבט זי זיך דעם נאָמען פון איינער פון די בעסטע אין ליטע דאָקטערינס — ספּעציאַליסטן פון קינדער־קראַנקייטן.

זי איז געווען די איינציקע יידישע דאָקטערין, וועלכע מען האָט צו־געלאָזט אַרבעטן אין דער קינדער־קליניק פון קאָוונער אוניווערסיטעט. זי האָט אויך געאַרבעט אין דער קינדער־קאָנסולטאַציע פון „אָזע" און אין דער קראַנקן־קאַסע.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פאַלט ש. אַלייסקי אַריין אין קאָוונער געטאָ, ווו זי אַרבעט איבערגעגעבן אין געטאָ־שפּיטאָל און איז אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן מעדיצינישע הילף פאַר די געטאָ־קינדער. ניט איין יידיש קינד, וואָס איז קראַנק געוואָרן הינטערן שטעכל־דראָט אויף דיפטעריט, סקאַרלאַטין און אַנדערע געפערלעכע קרענק, האָט זי מיט איר מסירת־נפש געראַטעוועט פון זיכערן טויט. מיט דער הילף פון דעם באַוווּסטן אין קאָוונע גינעקאָלאָג פּראָפ. פּ. מאַזשיליס געלינגט איר צו אַנטלויפן פון געטאָ און לעבן אין שטאָט אויף „אַרישע" דאָקומענטן.

נאָך דער מלחמה לעבט ש. אַלייסקי אין ווילנע. צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע יידן פאַלט זי אַריין אין די הענט פון אַ פּראָוואָ־קאַטאָר, וועלכער גיט זיך אַרויס פאַר אַ פליער־אָפיצער און נעמט זיך אָן זיי אַריבערצופירן מיט זיין עראָפּלאַן קיין רומעניע, כדי זיי זאָלן

פון דאָרט דערגרייכן ישראל. דער „פליער" גיט איבער זיינע פּאַסאַ־זשירן אין די הענט פון די סאָוועטישע זיכערקייט־אָרגאַנען, און די יידן באַקומען שווערע שטראָפן. ש. אַלייסקי ווערט פאַרמשפּט צו 8 יאָר לאַגער.

נאָכן אָפּקומען די שטראָף מעג זי זיך באַזעצן נאָר אינעם קליינעם ליטווישן שטעטל זאַראַסיי, ווו זי אַרבעט אַלס רענטגענאָלאָג. ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום ווערט איר דערלויבט צו לעבן אין ווילנע. זי באַקומט אַרבעט אין דער סאַנאַטאָריע פאַר טובערקוליאָזע קינדער.

נאָך גרויסע באַמיונגען, וועלכע האָבן געדויערט יאָרן, באַקומט זי די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין ישראל. זי איז עולה אַ זייער שווער קראַנקע און שטאַרבט אין אַ פּאָר חדשים אַרום, אין יאָר 1963.



## אברהם אַלפּערן

געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1895. געענדיקט אַ מיטל־שול. דעם מעדיצי־נישן פאַקולטעט פון מאָסקווער אוניווערסיטעט האָט ער געענדיקט אין יאָר 1922. געקומען קיין ליטע אין יאָר 1926. כדי צו באַקומען רעכט צו פּראַקטיצירן, אָפּגעגעבן די מלוכה־עקזאַמענס אין קאָוונער אוניווערסיטעט. געווען אַ מיליטער־דאָקטער אין דער ליטווישער אַרמיי. דער־נאָך — איינער פון די גרינדער פון „יידישן פּראָנט־קעמפער פאַרבאַנד", די הויפּט אויפגאַבע פון וועלכן ס'איז געווען צו באַקעמפן דעם אַנטי־סעמיטיזם אויף אַלע שטחים פון לעבן. פאַרנומען זיך מיט פּריוואַט־פּראַקטיק, זייענדיק אויך דאָקטער פון דער קראַנקן־קאַסע.

אַ וואָך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אין מזרח ווערט א. אַלפּערן אַרעסטירט דורך די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען. די סיבה — זיין אָנגע־העריקייט צום „פּראָנט־קעמפער־פאַרבאַנד". צוזאַמען מיט זיין משפּחה

ווערט ער אַרויסגעשיקט אין ווייטן סיביר, קיין יאַקוטיע. אין פאַרשיקונג ווערט ער „געמשפּט" און פאַראורטיילט צו 5 יאָר לאַגער מיט אַ ווייטערדיקער פאַרשיקונג אין אַ סיבירער דאָרף אין קראַסנאַיאַרסקער געגנט. ערשט אין יאָר 1956 באַקומט ער מיט זיין משפחה די דערלויבע־ניש זיך אומצוקערן קיין ליטע. ער באַזעצט זיך אין ווילנע, אַרבעט אין דריטן שטאַטישן שפּיטאָל. די לאַנגע, שווערע לאַגער־ און פאַרשיקונגס־יאָרן האָבן אונטערגעריסן זיין געזונט.

אַ שווער קראַנקער איז א. אַלפּערן מיט דער משפחה עולה קיין ישראל, וווּ ער שטאַרבט אין יאָר 1971.

## ליפּע בורשטיין

געבוירן אין יאָר 1907. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט ביים קאָוו־נער אוניווערסיטעט אין יאָר 1933. בשעת ליטע איז געוואָרן סאָוועטיזירט, אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, איז ער אַריינגעפאַלן אין ווילנער געטאָ. לויט ניט קיין קאָנטראָלירטע ידיעות איז ל. בורשטיין נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ אין האַרבסט 1943 פאַרשלעפּט געוואָרן אין די עסטישע קאָנצלאַגערן און דאָרט אומגעקומען.



## פּסח בער

געבוירן אין שאַוול אין יאָר 1917. געענדיקט דאָרט די העברעישע גימ־נאַזיע אין יאָר 1934. געפאָרן שטודירן אין איטאַליע און זיך צוריקגע־קערט קיין ליטע אין יאָר 1939, האָבנדיק פאַרענדיקט מעדיצין.

זינט 1940 געאַרבעט אין קאָוונע אין אַ רעגירונגס־שפּיטאָל. נאָכן אויסברוך פון קריג געלאָפן פון די דייטשן און באַוויזן זיך צו עוואַקוירן אין דער טיף פון רוסלאַנד. געלעבט אין אַ דאָרף, אין דער געגנט פון גאַרקי. מאָביליזירט געוואָרן און געקעמפט אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי. אין אַ בריוו, וועלכן זיינער אַ חבר האָט געשיקט צו די קרובים, לייענען מיר: „כאָטש ס׳איז מיר שווער, נאָר איך האַלט פאַר מיין חוב אייך מיטצוטיילן, אַז פסח איז געפאַלן ווי אַ העלד דעם 24 אויגוסט 1943, פון אָוונט, לעבן דאָרף באַגאַראָדישטשע, אָרלאָווער געגנט, וווּ ער איז אויך באַערדיקט געוואָרן״.

פסח אַליין האָט אין זיין לעצטן בריוו פון פראָנט געשריבן צו זיינע קרובים: „מיר שלאָגן די נאַציס פון אַלע זייטן, און איך נעם נקמה פאַרן בלוט פון מיינע עלטערן און שוועסטערס״.



## בנימין בערגער

געבוירן אין יאָר 1881 אין דאָרף לוקי, אין אוקראַינע, אין אַ רעליגיעזער משפחה. האָט אָנגעהויבן לערנען אין חדר צו פיר יאָר. צו 15 יאָר האָט ער געשמט פאַר אַן עילוי. די משפחה האָט זיך באַזעצט אין בערדיטשעוו, וווּ ער האָט אָנגעהויבן לערנען וועלטלעכע וויסנשאַפטן. אויסהאַלטנדיק די עקזאַמענס, איז ער אָנגעקומען אין קיעווער אוניווערסיטעט. ווי אַ סך פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט, איז ב. בערגער אין יאָר 1905 צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז אָבער געבליבן שטאַרק צוגעבונדן צו דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור.

אין די יאָרן 1915—1918 אַרבעט ב. בערגער אין יאַראָסלאַוול, דאָרט גרינדעט ער די אָרטיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, באַטייליקט זיך ווי אַ דעלעגאַט אין דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין פעטראָגראַד.

אין יאָר 1918 האָט די ראַטן־מאַכט אַנגעהויבן פאַרפאָלגן ציוניסטן. ס'איז באַוווסט געוואָרן, אַז אויך בערגער געפינט זיך אין די רשימות פון די, וואָס דאַרפן אַרעסטירט ווערן. עס געלינגט אים צו אַנטלויפן קיין ווילנע.

אין יאָר 1919 באַזעצט ער זיך אין שטעטל ווילקי און פּראַקטיצירט דאָרט. גלייכצייטיק איז ער אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין גיכן באַזעצט ער זיך אין קאָוונע. ער ווערט פאַרוואַלטער פון דער אינערלעכער אָפּטיילונג אין קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים" און איינער פון די באַליבסטע דאָקטוירים. אַ דאַנק אים ווערט די אָפּטיילונג אַ צענטער פון מאָדערנער מעדיצין, אין וועלכן יונגע יידישע מעדיקער האָבן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרפולקומען. די טירן פון די מלוכהשע און מוניציפּאַלע שפּיטעלער זענען, ווי באַוווסט, פאַר זיי געשלאָסן.

ב. בערגער געפינט צייט צו פאַרטיפן זיינע ידיעות, נאָכפאָלגנדיק די מעדיצינישע ליטעראַטור אין ענגליש, דייטש און רוסיש. ער פירט דער ערשטער איין אין ליטע די באַהאַנדלונג מיט אינסולין און דאָס באַנוצן זיך מיטן עלעקטראָ־קאַרדיאָגראַף.

שוין אין יאָר 1921 איז ער געווען איינער פון די פירנדיקע מיט־גרינדער פון סאַניטאַר־מעדיצינישן אָמט ביים יידישן נאַציאָנאַל־ראַט. דאָ האָבן זיך אַרויסגעוויזן זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן און טאַלע־ראַנץ צו די מיינונגען פון אַנדערע קאָלעגן.

זיין מעדיצינישע טעטיקייט שטערט אים ניט אָפּצוגעבן פיל צייט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ליטע און אַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט פאַרן „החלוץ". פאַר דער העברעישער דערציונג. ער איז אַ מיטגליד פון מרכז „קרן היסוד" און „קרן קיימת לישראל".

ב. בערגער האָט געזאָלט אין 1935 עולה זיין קיין ארץ־ישראל, ווו ער איז בשעתו געווען דעלעגירט צו דער דערעפענונג פון העברעישן אוני־ווערסיטעט.

נאָכן סאָוועטיזירן ליטע אין יאָר 1940 נעמט מען אויך דאָ פאַרפאָלגן די ציוניסטן. ב. בערגער איז איינער פון די ערשטע קרבנות. ער ווערט אַרעסטירט און פאַרשיקט אין אַ לאַגער אין צפון־רוסלאַנד. שפּעטער גע־פינט ער זיך אין איינעם פון די שרעקלעכסטע סאָוועטישע לאַגערן אין

קאַטלאָס. ב .בערגער איז שוין שווער קראַנק. פון דעסטוועגן איז ער טעטיק ווי אַ לאַגער־דאָקטער. עס אַכטן אים די אסירים און זעען אין אים אַ סימבאָל פון מענטשלעכער גבורה און דערהויבנקייט.

קורץ פאַר זיין טויט האָט אים באַזוכט זיין שוועסטער, די באַקאַנטע פעדאַגאָגין אסתר בערגער. געפינענדיק דעם ברודער אין אַ קריטישן צו־שטאַנד, האָט זי זיך געווענדעט צו דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע מיט דער ביטע צו „אַקטירן" דעם ברודער, ד. ה. אים באַפרייען צוליבן האָפענונגס־לאָזן געזונט־צושטאַנד. די תשובה איז געווען: „שטאַרבן קאָן מען ביי אונדז אויך". אין אַ קורצער צייט אַרום, אין יאָר 1948, איז ב. בערגער געשטאָרבן.



## מאַרקוס בערגער

דער זון פון ד"ר בנימין בערגער, מאַרקוס, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905. מעדיצין האָט ער געענדיקט אין בערלין אין יאָר 1929. ער האָט זיך באַזעצט אין קלייפעדע (מעמעל) און געאַרבעט ווי אַ פּרויען־דאָקטער אין שטאָטישן שפּיטאָל, צוגלייך זיך פאַרנומען מיט פּריוואַט־פּראַקטיק.

בעת היטלער־דייטשלאַנד האָט געצוואונגען ליטע איר אָפּצוגעבן דעם קלייפּעדער קאַנט (פרילינג 1939), און די נאַציס האָבן באַזעצט די שטאָט, איז מ. בערגער דורך זיי אַרעסטירט געוואָרן. אין תפיסה האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן.



## בערטע בערמאַן-ריטענבערג

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1880. געענדיקט די מיידלשע שטאַטישע גימ־נאַזיע. געשטודירט מעדיצין אין לאָזאַן (שווייץ), אַפּגעגעבן די מלוכה־עקזאַמענס אין פּעטערבורג. קומענדיק קיין קאָוונע, אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין שטאַטישן שפּיטאָל. פאָרט אַריבער קיין אָפּאַטשעווסק, פּסקאָווער געגנט, ווו זי אַרבעט ווי אַ „זעמסקער" דאָקטער. זי שליסט זיך אָן צו יענע דאָקטוירים אין אַמאָליקן רוסלאַנד, וועלכע די באַפעל־קערונג האָט אָנגערופן „פאָלקס־דאָקטוירים".

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַרבעט זי אין סאַ־מאַרע (איצט קויבישעוו) אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל פאַר פאַרוווּנדעטע. אין די יאָרן 1917—1921 אַרבעט זי אין אַ שפּיטאָל פאַר קראַנקע אויף פלעקטיפוס. דאַן קערט זי זיך אום קיין קאָוונע, אַרבעט אַ קורצע צייט אין דער אַמבולאַטאָריע פון דער שטאַט־פאַרוואַלטונג. פון יאָר 1923 ביז 1936 איז זי דער שול־דאָקטער פון „אָזע", און גיט אָפּ איר גאַנץ וויסן און ענערגיע דעם געזונט פון ידישן קינד. אַ דאַנק איר אַרבעט און איניציאַטיוו איז קיין איין ידיש קינד ניט אָנגענומען געוואָרן אין אַ פאָלקס־שול אָן דער פריערדיקער קאָנטראָל דורכן שול־דאָקטער. ב. רי־טענבערג האָט געפירט אַ ברייטע היגיעניש־מעדיצינישע אויפקלערונגס־אַרבעט.

אין יאָר 1936 איז זי מיט איר מאַן, דעם באַקאַנטן פּעדאַגאָג ד"ר אהרן בערמאַן עולה קיין ארץ־ישראל.

ב.בערמאַן־ריטענבערג שטאַרבט אין תל־אביב, אין יאָר 1952.

## משה בערמאַן

געבוירן אין יאָר 1884 אין נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק, איצט זאַראַסיי (ליטע). געענדיקט גימנאַזיע ווי אַן עקסטערן. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין יוריעוו (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו, עסטלאַנד). געווען מיליטער־דאָקטער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אומגעקערט זיך קיין ליטע, ווערט מ. בערמאַן מאָביליזירט אין דער ליטווישער אַרמיי. גלייך ווי ער הייבט אָן פּראַקטיצירן, דערווערבט ער זיך דעם נאָמען פון אַ הויך־קוואַליפיצירטן טעראַפּעווט. לאַנגע יאָרן איז ער קאָנסולטאַנט פון קאָווגער מיליטערישן שפּיטאָל און פון קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים", איז אַן אַקטיווער מיטגליד פון „אָזע"־קאָמיטעט.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון ליטע פאַלט ער אַריין אין קאָוונער געטאָ. נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ ווערט ער פאַרשלעפּט אין שרעקלעכן קאַצעט דאַכאַו, פון וואַנען ער ווערט באַפרייט.

מ. בערמאַן איז געווען אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שארית הפליטה אין דייטשלאַנד, אין "פאַרבאַנד פון יידישע דאָקטוירים".

שפּעטער האָט ער געלעבט אין אַמעריקע, וווּ ער איז געשטאָרבן אָנהויב די זעכציקער יאָרן.

## באָרים גאָלדענגיים

געבוירן אין יאָר 1895. נאָך דער גימנאַזיע געשטודירט מעדיצין אין קאָוונער אוניווערסיטעט, וועלכן געענדיקט אין 1925. זיך ספּעציאַליזירט אויף אויגן־קראַנקייטן אין פּאַריזש. פּראַקטיצירט אין קאָוונע ווי אַ פּריוואַטער דאָקטער און אין דער קראַנקן־קאַסע. געווען אַסיסטענט ביים באַוווּסטן אָקוליסט פּראָפ. פּ. אַוויזשאַניס. בעת דער מלחמה געלעבט אין מיטל־אַזיע. נאָך דעם זיך באַזעצט אין ווילנע און געאַרבעט אין אַ פּאָליקליניק. אין 1949 שטאַרבט ער פון אַ האַרץ־אַטאַק בעת אַ פּעסער־קאָנטראָל, מחמת אין זיין דירה האָבן זיך דעמאָלט געפונען די אומלעגאַל געקומענע פון דער סיבירער פאַרשיקונג שוויגער־עלטערן.



## ישׂראל גאָטלער

געבוירן אין זשאַגער אין יאָר 1908. געלערנט אין אַ חדר. פּאַרענדיקט וויל־קאָמירער יידישע גימנאַזיע אין יאָר 1929. שטודירט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, וועלכן ער ענדיקט אין יאָר 1937.

י. גאָטלער איז געווען טעטיק אין די סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס פון קאָוונער אוניווערסיטעט. אַ געוויסע צייט געווען פּאָרזיצער פון דער „עקאָנאָמישער פאַראייניקונג פון די יידישע סטודענטן". נאָכן ענדיקן באַזעצט ער זיך אין קיידאַן. פאַרנעמט אין גיכן אַן אָנגעזעענעם אָרט אין שטאָט הן אַלס דאָקטער, הן אַלס אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער אין „מכבי" און אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

ישראל גאָטלער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די קיידאַנער יידן דעם 28טן אויגוסט 1941 יאָר.



## בנימין גאָלאַך

געבוירן אין פּאַסוואַל אין יאָר 1885. מיטל־בילדונג באַקומען אין שאַוול און געפאָרן שטודירן מעדיצין קיין בערן (שווייץ). אין יאָר 1911 באַקומט ער דאָרט דעם דאָקטער־דיפּלאָם. אין די סטודענטישע יאָרן איז ער געווען אַקטיוו אין די יידיש־נאַציאָנאַלע סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס.

אין יאָר 1914 האָלט ער אויס די מלוכה־עקזאַמענס אין קיעווער אוני־ווערסיטעט און ווערט מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי, ווען ס׳ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. ער אַרבעט אין פאַרשיידענע פראָנט־שפיטעלער. אין יאָר 1921 קערט ער זיך אום קיין ליטע, באַזעצט זיך אין קאָוונע, ווו ער פּראַקטיצירט ווי אַ ספּעציאַליסט פון הויט־ און ווענערישע קראַנקייטן. אין אַ געוויסער צייט אַרום ספּעציאַליזירט ער זיך אין בערלין פאַר אַ רענטגענאָלאָג און גרינדעט אין קאָוונע צוזאַמען מיט ד״ר מ. סו־דאַרסקי אַ רענטגען־קאַבינעט. אין אים האָט ב. גאָלאַך באַהאַנדלט הונ־דערטער קינדער, קראַנקע אויף פאַוווס און טראַכאָמיטי.

אין יאָר 1924 ווערט ער באַשטימט פאַרן דירעקטאָר פון קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים״. דאָ האָט ער זיך אַנטפּלעקט ווי אַ גלענצנ־דיקער אַדמיניסטראַטאָר, דאָס דערוויזט דער וווקס פונעם שפּיטאָל, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט מיט שטרענגקייט צו אַלעמען און מיט גרויסע פאָדערונגען צו זיך אַליין. אויב אין יאָר 1927 זענען געלעגן אין שפּיטאָל קנאַפּע צוויי טויזנט קראַנקע מיט 28 טויזנט קראַנקנטעג, האָט דער שפּיטאָל אין יאָר 1937 געהאַט אויפגענומען זיבן טויזנט קראַנקע מיט איבער הונ־דערט טויזנט קראַנקנטעג.

הויך אָפּשאַצנדיק גאָלאַכס אַדמיניסטראַטיווע פעיקייטן, האָט די פאַר־וואַלטונג פון דער יידישער טובערקולאָז־סאַנאַטאָריע אין ראַמיין אים אָנגעטרויט די אָנפירונג פון אָט דעם אַזוי וויכטיקן הייל־אַנשטאַלט.

צו יענער צייט האָט דאָרט געאַרבעט אַ סאַניטאַר, אַ געוועזענער קראַנקער. די קראַנקע און אויך דער פּערסאָנאַל פון דער סאַנאַטאָריע האָבן זיך באַקלאָגט אויף דער אַמאָראַלישער אויפפירונג פון אָט דעם טיפּ. ב. גאָלאַך האָט אים מערערע מאָל געוואָרנט. נאָך דער לעצטער וואָ־רענונג האָט דעם 13טן יוני 1939 אין ראַמיינער טובערקולאָז־סאַנאַטאָריע אָפּגעהילכט אַ שאָס. דאָס האָט דער סאַניטאַר געשאָסן אין דאָקטער און אים שווער פאַרווונדעט. אין א מעת לעת אַרום איז ב. גאָלאַך געשטאָרבן.

די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז געווען טיף אויפגעבראַכט פון דעם טראַגישן פאַל. דער מערדער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אומ־לעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. נאָכן מאָרד האָט די פּאַרטיי זיך פון אים אָפּגעשאָקלט, איז ער אין תפיסה באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

די לעצטע פופצן יאָר פון זיין לעבן האָט ב. גאָלאַך אָפּגעגעבן דעם

שפיטאַל „בקור חולים" און שפּעטער אויך דער ראַמיינער טובערקוליאָז־סאַנאַטאָריע, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט. אַ דאַנק זיין אומדערמיד־לעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט זענען די אַנשטאַלטן געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט צו צענטראַלע הייל־מוסדות פאַר די יידן אין ליטע.

## ראָזע גאַלאַך־זיסין

געבוירן אין יאָר 1895 אין בערדיאַנסק (רוסלאַנד). דאָרט פאַרענדיקט זי די מיטל־שול. שטודירט מעדיצין אין באַזעל (שווייץ) און באַקומט אין יאָר 1931 דעם דאָקטער־דיפּלאָם.

ב. גאַלאַך ווערט די לייטערין פון קאָוונער יידישן קינדער־הויז. זי צייכנט זיך אויס ניט נאָר ווי אַ קינדער־דאָקטער, נאָר אויך ווי אַ דער־ציערין און זייער גוטער אַדמיניסטראַטאָר.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פאַלט זי אַריין אין קאָוונער געטאָ, ווו זי איז באַזונדערס אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן הילף פאַר די געטאָ־קינדער. זי איז פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, באַזאָרגט מעדיקאַמענטן און פאַרבאַנד־מאַטעריאַל פאַר די קעמפער, וואָס גייען אַרויס צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד.

ר. גאַלאַך איז אומגעקומען אין קאָוונער געטאָ בעת דער ליקווידאַ־ציע, אין יולי 1944, קורץ פאַר דער באַפרייונג פון דער שטאָט.

## ליובע גורוויטש

געבוירן אין יאָר 1878. געענדיקט דעם מעדיצינישן אינסטיטוט אין פּעטערבורג אין יאָר 1914. ווערט די פּרוי פון אַ בכבודיקן פּאַנעוועזשער תושב, וואָס אַרבעט אין דער דאָרטיקער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

ל. גורוויטש באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער גרינדונג פון אַן „אָזע"־אָפּטיילונג אין פּאַנעוועזש און ווערט דער שול־דאָקטער פון „אָזע". איר

גאַנצן וויסן און ענערגיע גיט זי אָפּ דער טעטיקייט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון יידישן קינד, פירט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אַ ברייטע מעדיצין־היגיענישע אויפקלער־אַרבעט.

ל. גורוויטש קומט אום אין פאַנעוועזש צוזאַמען מיט דער אָרטיקער יידישער עדה דעם 23טן אויגוסט 1941.



## מאַקס גילדע

געבוירן אין שאַוול אין יאָר 1907. דאָרט געענדיקט די העברעישע גימנאַזיע. אָנגעקומען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, וועלכן ער ענדיקט אין יאָר 1936.

מ. גילדע האָט געאַרבעט אין קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים". שפּעטער זיך באַזעצט אין אַ קליין שטעטל אָלסיאַד און דאָרט פּראַקטיצירט.

אין יאָר 1937 האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל. געפּרוּווט זיך איינאָרדענען. דאָס איז אים ניט געלונגען. ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ליטע מיטן פעסטן באַשלוס אין אַ פּאָר יאָר אַרום עולה צו זיין.

מ. גילדע איז געווען אַן אַלזייטיק פעיקער מענטש. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער טעטיקייט פון דער קאָוונער העברעישער טעאַטער־סטודיע און ניט איין מאָל אויפגעטראָטן אין אירע ספּעקטאַקלען.

נאָכן אָנשליסן ליטע צום סאָוועטן־פאַרבאַנד איז מ. גילדע מיט דער משפחה אַריבערגעפאָרן קיין קאָוונע, ווו ער אַרבעט אין אַ שפּיטאָל ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

מ. גילדע און זיין משפחה פאַלן אַריין אין קאָוונער געטאָ. בעת די

נאַציס האָבן אין יולי 1944 ליקווידירט דאָס געטאָ — אויפגעריסן און פאַרברענט אַלע הייזער — זענען מ. גילדע און זיין פרוי אומגעקומען אין אַ בונקער, אין וועלכן זיי האָבן זיך באַהאַלטן.

זייער טאָכטער רינה האָבן ליטווינער געראַטעוועט. איצט איז זי אַ קינדער־דאָקטערין אין ישראל.

## זרח גערבערג

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1909. געענדיקט די קאָוונער העברעישע גימנאַזיע („שוואַבעס") אין יאָר 1928. פון 1929 ביז 1935 געשטודירט מעדיצין אין זשענעווע (שווייץ) ווו ער האָט באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם.

זיך אומגעקערט קיין קאָוונע, אַרבעט ער אין ידישן שפּיטאָל „בקור חולים".

נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט ליטע, פאַלט ער אַריין אין קאָוונער געטאָ. סוף יאַנואַר 1942 ווערט ער דערשאָסן אויפן גאַס דורך אַ ליטווינער, אַ פּאָליציסט, ווייל ער האָט ניט באַוויזן צו באַגריסן דעם באַנדיט אָן ניט אויסגעפּירט יענעמס באַפעל — שטעלן זיך אויף די קני און בעטן מחילה.

## יצחק־אלחנן דובראָוויטש

געבוירן אין לעטלאַנד אין יאָר 1897. שטודירט מעדיצין אין דייטשלאַנד. אין יאָר 1925 געענדיקט דעם מעדיציניש פאַקולטעט אין קאָוונער אוניווערסיטעט. ספּעציאַליזירט זיך אַלס פרויען־דאָקטער און דערוואָרבט זיך דעם נאָמען פון אַ קוואַליפיצירטן ספּעציאַליסט.

י. א. דובראָוויטש איז געווען אַלזייטיק געבילדעט און געזעלשאַפט־לעך טעטיק. ווען ס'האָט זיך געגרינדעט די ציוניסטישע "יידן־שטאַטס־

פּאַרטיי״, ווערט ער אין איר אַן אַקטיווער טוער. באַטייליקט זיך אין ציוניסטישן קאָנגרעס.

בשעת ליטע איז געוואָרן סאָוועטיזירט, איז דובראָוויטש, ווי אַ ציוניסט, אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין אַ סיבירער לאַגער. ער געפינט זיך דאָרט איבער 15 יאָר אין זייער שווערע באַדינגונגען.

נאָכן אַרויסלאָזן פון לאַגער איז אים פאַרווערט זיך אומצוקערן קיין ליטע. פון לאַגער איז ער אַרויסגעגאַנגען אַ קראַנקער און צעבראָכענער מענטש און שטאַרבט אין קאַזאַכסטאַן, אין דער שטאָט פּאַוולאָדאַר אין יאָר 1970.



## אברהם דוגאָווסקי

געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1896. געענדיקט אין ווילנע אַ גימנאַזיע און אין יאָר 1926 דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון ווילנער אוניווערסיטעט א. נ. פון סטעפאַן באַטאָרי.

זיך באַזעצט אין קאָוונע און פון יאָר 1932 געאַרבעט דאָ ווי אַ דאָקטער.

בעתן אויסברוך פון דער דייטשיש־סאָוועטישער מלחמה זיך עוואַקוירט אין דער טיף פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. מאָביליזירט געוואָרן אין דער סאָוועטישער אַרמיי און פון 1941 ביז 1945 דורכגעמאַכט דעם גאַנצן קריג ווי אַ מיליטער־דאָקטער.

נאָך דער מלחמה זיך אומגעקערט קיין קאָוונע, וווּ ער האָט געאַרבעט אַלס דאָקטער־רענטגענאָלאָג.

געשטאָרבן אין זיין געבורט־שטאָט ווילנע אין יאָר 1962.



## וואָלף ווינדזבערג

געבוירן אין סוואַלק אין יאָר 1904. געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע אין קאָוונע און אין יאָר 1931 — דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין פּראָג.

אין יאָר 1933 אָפּגעגעבן די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט.

ביזן אַריינמאַרש פון די דייטשן אַרבעט וו. ווינדזבערג אין דער אוראַלאָגישער אָפּטיילונג פון קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים״. ער פאַלט אַריין אין געטאָ, וווּ ער איז טעטיק אין דער מעדיצינישער קאָמיסיע ביי דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע. נאָך דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ ווערט ער פאַרשלעפּט קיין דאַכאַו און מאַכט דורך דעם קאַצעט.

נאָך דער באַפרייונג געפינט זיך וו. ווינדזבערג אין דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע און פון יאָר 1949 — אין אַמעריקע. דאָרט אַרבעט ער אין פאַרשיידענע שפּיטעלער ווי אַ כירורג. די לעצטע יאָרן איז ער לייטער פון אַ גרעסערער כירורגישער אָפּטיילונג, באַטייליקט זיך אין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אויפן געביט פון טובערקוליאָז און דערוועגט זיך אָן אויטאָריטעט. די לעצטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט זיינע איז געדרוקט קורץ פאַר זיין טויט.

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1959.



## אברהם זילבערג

געבוירן אין וואַבאַלניק אין יאָר 1905. געענדיקט די פּאַנעוועזשער רוסי־שע גימנאַזיע. דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פאַרענדיקט ער אין קאָוונע אין יאָר 1935. געאַרבעט אין פּאַנעוועזשער שפּיטאָל. שפּעטער זיך באַזעצט אין טראַשקון, ווו ער האָט געאַרבעט אין שטעטלשן מעדיצינישן פּונקט. אין די יאָרן 1937—1938 זיך באַטייליקט ווי אַ פרייוויליקער אין שפּאַנישן קריג אויף דער זייט פון די רעפּובליקאַנער. נאָכן אומקערן זיך פון שפּאַניע זיך באַזעצט אין וואַבאַלניק, זיך פאַרנומען מיט פּריוואַט־פּראַקטיק און געווען זייער באַליבט ביי דער באַפעלקערונג.

בעת ליטע איז געוואָרן סאָוועטיזירט, ווערט א. זילבערג באַשטימט פאַרן דירעקטאָר פון קאַלוואַריער פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל. דאָ האָט אים געטראָפן די מלחמה. ער האָט קיין מעגלעכקייט ניט געהאַט זיך צו עוואַקוירן. מיט זיין משפּחה דערקלייבט ער זיך קיין קאָוונע, ווו ער פאַלט אַריין אין געטאָ. דאָ אַרבעט ער שווער און באַטייליקט זיך אין דער טעטיקייט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, העלפט גרייטן פּאַרטיזאַנער, אויסבאַהאַלטן געווער. געפינענדיק זיך אין אַלעקסאָטער לאַגער, אַ פיליאַל פון קאָוונער געטאָ, ווערט ער איינער פון די גרינדער פון אַ ווידערשטאַנד־גרופּע, וועלכע שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין יולי 1944, פּרוּווט ער לויפן, ווערט אָבער פאַרהאַלטן אויף דער „אַרישער זייט" און קומט אום.



## מושע (מאַשע) יאַכעלסאָן

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1899. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געלעבט אין ווילנע. פון דאָרט אַריבערגעפאָרן קיין כאַרקאָוו, ווו זי האָט פאַרענדיקט מיטל־בילדונג.

געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1928, געאַרבעט אין דער אוראָלאָגישער אָפּטיילונג פון קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים", ווו זי האָט זיך דערוואָרבן סימפּאַטיע פון פּערסאָנאַל און די קראַנקע צוליב איר שטענדיקער גוטמוטיקייט און האַרציקייט.

בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ און דערנאָך אַרויסגעפירט געוואָרן אין שטוטהאָפער קאָנצלאַגער, ווו זי האָט געאַרבעט ווי אַ דאָקטער אין אַ קראַנקן־רעוויר פאַר אסירים. נאָך דער באַפרייונג געלעבט אין מינכען און געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל פאַר די באַפרייטע יידן.

זינט 1951 — אין ניו־יאָרק, געאַרבעט אין פאַרשיידענע שפּיטעלער. געשטאָרבן דאָרט אין יאָר 1972.



## אליעזר (לייזער) יאַפּע

געבוירן אין מאַזשייק אין יאָר 1912. באַזוכט דאָ אַ פּאָלקס־שול. געענדיקט די העברעישע גימנאַזיע אין ווילקאָמיר און אָנגעקומען אויפן מעדיצינישן פּאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. דעם דאָקטער־דיפּ־לאָם האָט ער באַקומען אין יאָר 1935 און גענומען אַרבעטן אין אַ שטעטל לעבן קורשאַן.

פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל פון קאָוו־נער פאַרשטאָט פּאַנעמון. אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ, פון וועלכן ס׳געלינגט אים צו אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ ליטווישער מש־פּחה. די אָקופּאַציע־יאָרן האָבן אונטערגעריסן דאָס געזונט פונעם דאָק־טער. פון דעסטוועגן אַרבעט ער אין ווילנער אינסטיטוט פאַר הויט־און ווענערישע קראַנקייטן. זיין טרוים איז געווען עולה צו זיין קיין ישראל. עס געלינגט אים מיט דער רעפּאַטריאַציע פון די פּאָליאַקן אין די יאָרן 1957—58 אַרויסצופאָרן קיין פּוילן און פון דאָרט קיין ישראל. ער באַזעצט זיך אין ירושלים און אַרבעט אין זיין געביט.

א. יאַפּע איז פּריצייטיק געשטאָרבן אין יאָר 1966.



## מאָטל יעד

געבוירן אין יאָר 1911. געענדיקט אין קאָוונע דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין יאָר 1936. געאַרבעט אַלס דאָקטער אין פּומפּיאַן, שפּעטער — אין ראַו־דאַנדוואַריס.

אין די ערשטע טעג פון דער דייטשיש־סאָוועטישער מלחמה זענען אין שטעטל געווען אַ סך פאַרווונדעטע. מ. יעד האָט געטאָן זיין דאָקטער־פליכט און געגעבן אין קראַנקנהויז הילף די געליטענע. עס רייסן זיך אַהין אַריין ליטווישע באַנדיטן מיטן שעף פון דער שטעטלשער פּאָליציי בראש, וועלכער דערשיסט אייגנהענטיק דעם יידישן דאָקטער.



## מאיר יעד

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1898. געשטודירט מעדיצין אין לייפּציג (דייטשלאַנד). באַקומט דאָרט דעם דאָקטער־דיפּלאָם און בלייבט אַרבעטן ווי אַ קינדער־דאָקטער אין דייטשלאַנד ביז 1933.

ווען היטלער קומט צו דער מאַכט, ווערט ער אַרעסטירט און פאַר־שיקט אין אַ לאַגער, ווו ער ווערט מערדערלעך געשלאָגן און שווער פאַר־ווונדעט אין קאָפּ.

די קרובים אין קאָוונע באַמיען זיך מיט דער הילף פון די ליט־ווישע מאַכט־אָרגאַנען (ער איז אַ ליטווישער בירגער) אים צו באַפרייען. סוף כל סוף געלינגט עס, און ער קומט קיין קאָוונע, ווו ער נעמט מיט דערפאָלג פראַקטיצירן ווי אַ פעדיאַטער. ער ווערט דער דאָקטער פון דער יידישער אָרעמקייט און מיטלשטאַנד. אַליין אַ פאַלקסמענטש, צייכנט ער זיך אויס מיט דער טיף־מענטשלעכער וואַרעמער באַציונג צו די קראַנקע.

בשעת נאַצי־דייטשלאַנד באַפאַלט דעם ראַטנפאַרבאַנד, איז קאָוונע איינע פון ד׳י ערשטע שטעט וואָס ווערט באָמבאַרדירט און אָקופּירט. מיט שוועריקייטן געלינגט ד״ר יעד צו אַנטלויפן קיין ראַטנפאַרבאַנד. אין דער צייט פון דער עוואַקואַציע איז באַזונדערס געווען וויכטיק די באַציונג פון מענטש צו מענטש. ד״ר מ. יעד, האָט טיף מענטשלעך זיך באַצויגן צו אַלעמען, זיך ממש געטיילט מיטן לעצטן ביסן.

אין גיכן ווערט ער מאָביליזירט, געפינט זיך אויפן דריטן ווייסרוסישן פראָנט. ווי אַן אינפעקציאָניסט, פירט ער אָן מיט אַן אָפּטיילונג פון אַ פראָנט־שפּיטאָל. ווערט באַשאָנקען מיט אָרדנס און מעדאַלן.

נאָך דער דעמאָביליזאַציע קערט ער זיך אום קיין ליטע, באַזעצט זיך אין ווילנע, ווערט פּאָפּולער ביי דער יידישער און ניט יידישער באַפעל־קערונג ווי איינער פון די בעסטע קינדער־דאָקטוירים אין שטאָט.

ביי טאָג און ביי נאַכט איז ער גרייט צו געבן זיין הילף די קראַנקע קינדערלעך. ניט איין מאָל האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען האָנאָראַר ביי אומבאַמיטלטע עלטערן. זיי פלעגן צו מאָל געפינען אונטערן קישן פון קראַנקן קינד אַ דורך אים „פאַרגעסענעם" באַנקנאָט.

אין יאָר 1958 איז ער נאָך לאַנגע און עקשנותדיקע באַמיונגען עולה געווען דורך פוילן קיין ישראל. ער באַזעצט זיך אין פתח־תקוה און דער־ווערבט זיך באַלד אַ גוטן נאָמען ביי דער באַפעלקערונג.

מ. יעד שטאַרבט דאָ אין יאָר 1969.



## ברוך־יצחק כּאַדאַס

געבוירן אין יאָר 1905 אין קאָוונע. נאָכן ענדיקן אַ גימנאַזיע געשטודירט מעדיצין אין באַזעל (שווייץ). דעם דאָקטער־דיפּלאָם באַקומט ער אין יאָר 1928. געהאַלטן די מלוכה־עקזאַמענס אין קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1932.

ב.־י. כּאַדאַס האָט געאַרבעט אין דער אינערן־אָפּטיילונג פון קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים" ווי אַ וואָלאָנטער־אַסיסטענט. נאָך דער גרינדונג פון די קראַנקן־קאַסעס איז ער געווען איינער פון די פּאָפּו־לערע קראַנקנקאַסע־דאָקטוירים.

בעת דער סאָוועטן־מאַכט אין יאָר 1940/41 האָט ער געאַרבעט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל.

ביים אויסברוך פון קריג האָט ער געפּרוווט זיך עוואַקוירן מיט זיין שוואַנגערער פרוי און איר מוטער. דער צוג, אין וועלכן זיי פאָרן, איז לעבן לענטוואַראָווע שווער באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשן. די פּליטים האָבן זיך געפונען אונטערן פייער פון די ליטווישע באַנדיטן און זענען געצוווּנגען זיך אומצוקערן קיין קאָוונע. דאָ ווערן ב.־י. כּאַדאַס מיט זיין פרוי פאַרהאַלטן און פאַרשפּאַרט אין זיבעטן פאָרט. די פרויען פירט מען אַריבער אין ניינטן פאָרט, פון וואַנען זיי ווערן פרייגעלאָזט. די פאַרהאַלטענע מענער אין זיבעטן פאָרט ווערן מוראדיק געפּייניקט אין משך פון אַ וואָך צייט און לסוף, דעם 6 יולי 1941, דערשאָסן. דאָס איז געווען אויך דער גורל פון ב.־י. כּאַדאַס. איינער, מיט אַ נס לעבנגעבלי־בענע ווייסן צו דערציילן, אַז ער האָט גערופן דעם עולם זיך אַנטקעגנצו־שטעלן די רוצחים. מען האָט אים געשאָסן, פאַרוווּנדעט און געלאָזט אויסגיין אין די גרעסטע יסורים.



## שמחה לאַבענסקי

געבוירן אין מאַריאַמפּאָל אין יאָר 1908. דאָרט געענדיקט אַ מיטלשול. אָנגעקומען שטודירן מעדיצין אין קאָונער אוניווערסיטעט. דעם דאָקטער־דיפּלאָם דערהאַלטן אין יאָר 1938. געאַרבעט אין ראַמיינער יידישער סאַנאַטאָריע פאַר טובערקוליאָז־קראַנקע.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די דייטשיש־סאָוועטישע מלחמה, האָט ער זיך באַוויזן צו עוואַקוירן אין דער טיף פון רוסלאַנד. איז מאָביליזירט געוואָרן און געדינט ווי אַ דאָקטער אין דער „ליטווישער דיוויזיע". נאָכן קריג זיך באַזעצט אין ווילנע. געוואָרן פאַרוואַלטער פון דעם שטאָטישן טובערקוליאָז־דיספּאַנסער. בעתן מיליטער־דינסט און פאַר דער געוויסנ־האַפטיקער מעדיצינישער אַרבעט באַקומען אַ ריי אויסצייכנענונגען.

פּריצייטיק געשטאָרבן אין ווילנע דעם 10טן יאַנואַר 1956.



## משה לאַנגמאַן

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1911. ער האָט געענדיקט די קאָונער העבּ־רעישע רעאַל־גימנאַזיע. מעדיצין האָט ער שטודירט אין קאָונער אוני־ווערסיטעט און געענדיקט אין יאָר 1939.

אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ, ווערט ער געטריבן צו דער צוואַנגס־אַרבעט ווי אַ סאַניטאַר צו געבן די ערשטע הילף אין פאַרשיידענע אַרבעט־בריגאַדעס. אין יאָר 1943 שיקט מען אים אין קיידאַנער אַרבעט־לאַגער אַלס דאָקטער. פון דאַנען פירט מען אים אַריבער אין פּאַלעמאָנער לאַגער. טראַכטנדיק צו אַנטלויפן פון הינטערן שטעכלדראָט פאַרבינדט ער זיך מיט אַן אַרטיקן ליטווינער, וועלכן ער גיט געלט און ווערטזאַכן, כדי יענער זאָל שאַפן פאַר אים אַ מקום־מקלט. דער ליטווינער האָט דאָס געלט און די ווערטזאַכן צוגענומען און, בעת מ. לאַנגמאַן איז צו אים געקומען, געמסרט דער געסטאַפּאָ. די דייטשן האָבן מ. לאַנגמאַנען גע־כאַפּט און אויף אַן אָרט דערשאָסן.

## רעגינע לאַזערסאָן־סאַפּאָטשינסקי

געבוירן אין יאָר 1891 אין פּוילן. געשטודירט מעדיצין אין דער שווייץ (לאָזאַן, ציריך). אויסגעהאַלטן די מלוכה־עקזאַמענס אין כאַרקאָוו אין יאָר 1915.

זענענדיק אין דער שווייץ, האָט זי חתונה געהאַט מיטן דאָקטער וולאַדימיר לאַזערסאָן. קומענדיק קיין ליטע איז זי אַ געוויסע צייט די אַסיסטענטין פון דער קאַטעדרע פאַר פיזיאָלאָגיע ביים מעדיצינישן פאַ־קולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. איז פון די געציילטע יידישע מיט־אַרבעטער אין ליטווישן אוניווערסיטעט.

צוזאַמען מיט איר משפחה פאַלט זי אַריין אין קאָוונער געטאָ און ווערט נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ פאַרשלעפּט אין קאָנצלאַגער שטוטהאָף, ווו זי קומט אום פרילינג 1945, קורץ פאַרן סוף פון דער מלחמה.



## פּראָפ׳ וולאַדימיר לאַזערסאָן

געבוירן אין מאָסקווע אין יאָר 1889. זיינע עלטערן האָבן געשטאַמט פון פּאָלאַנגען. דאָרט האָט ער געענדיקט די אָנפאַנג־שול. אין קאָוונע ענדיקט ער די קאָמערץ־שול. אָפּגעבנדיק דעם צוגאָב־עקזאַמען אויף לאַטיין, באַקומט ער אין יאָר 1907 די רייפקייט־צייגעניש. פון 1907—1911 שטודירט ער אין די אוניווערסיטעטן פון יענאַ (דייטשלאַנד) און ציריך (שווייץ). פאַרטיידיקט די דיסערטאַציע, באַקומט ער אין יאָר 1912 דעם טיטל דאָקטער פון פילאָזאָפיע. דאָס האָט אים ניט באַפרידיקט, און ער הויבט אָן שטודירן מעדיצין אין פּעטערבורג און אין יוריעוו (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו, עסטלאַנד). ווערט מאָביליזירט אַלס מיליטער־דאָקטער. אין יאָר 1917 קומט ער פון פראָנט קיין קיעוו, האַלט אויס אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט די מלוכה־עקזאַמענס און באַקומט דעם דאָקטער־דיפּלאָם.

וו. לאַזערסאָן ווערט באַשטימט פאַר אַ לעקטאָר אויף די קיעווער העכערע פרויען־קורסן, ווו ער לייענט דעם קורס פון אַלגעמיינער און קינדער־פּסיכאָלאָגיע.

אין 1919 ווערט ער באַשטימט פאַר אַ פּריוואַט־דאָצענט אין קיעווער אוניווערסיטעט. גלייכצייטיק אַרבעט ער אין אייניקע שפּיטעלער.

אין יאָר 1920 קערט ער זיך אום קיין ליטע. ווערט מאָביליזירט און דינט אַ קורצע צייט ווי אַ מיליטער־דאָקטער. אין 1921 ווערט ער דעמאָביליזירט און גייט אַריבער אַרבעטן אויף די „העכערע קורסן״ (דער אָנהייב פון ליטווישן אוניווערסיטעט). ווערט באַשטימט פאַר אַן אַסיסטענט ביי דער קאַטעדרע פון עקספּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע, באַטייליקט זיך אין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. אין דער זעלבער צייט אַרבעט

לאַזערסאָן אַלס שול־דאָקטער פון „אַזע״. באַטייליקט זיך אין ידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, בעיקר אין דער טעטיקייט פון דער „בילדונגס־געזעלשאפט״.

אין 1928 ווערט ער באַשטימט פאַר אַ פּריוואַט־דאָצענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. לייענט פאַר די סטודענטן לעקציעס, באַגלייט מיט אַ סך פּראַקטישע ביישפּילן, ווייל ער אַרבעט גלייכצייטיק אַלס נויראָפּאַטאָלאָג און פּסיכיאַטער.

בשעת מען האָט אין 1940 אַריבערגעפירט דעם הומאַניטאַרן פאַ־קולטעט פון קאָוונע קיין ווילנע, באַקומט וו. לאַזערסאָן דעם טיטל פּראָפעסאָר.

די ערשטע מלחמה־טעג איז ער אין קאָוונע ביי זיין משפחה — פרוי ד״ר רעגינע לאַזערסאָן און זיינע דריי קינדער. גלייך אין די ערשטע אָקופּאַציע־טעג ווערט דורך די ליטווישע באַנדיטן דערמאָרדעט זיין 15 יאָריקער זון רודאָלף. וו. לאַזערסאָן מיט זיין משפחה ווערן פאַרשפּאַרט אין קאָוונער געטאָ. נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ ווערט ער פאַרשלעפּט אין דעם שרעקלעכן דייטשישן קאָנצלאַגער דאַכאַו, ווו ער קומט אום.



## מאָטל לייזעראָווסקי

געבוירן אין יאָר 1906 אין קליינעם ליטווישן שטעטל וויסאָקי־דוואָר (אָוקשטאַדוואַריס) אין אַ טראַדיציאָנעלער ידישער משפחה. ער איז געווען טיף פאַרבונדן צו זיין אָפּשטאַם און די ידישע טראַדיציעס. אין יאָר 1926 ענדיקט ער די העברעישע גימנאַזיע אין ווילקאָמיר. פיר יאָר איז ער דערנאָך געווען לערער אין אַ פאָלקסשול. ערשט שפּעטער האָט ער אָנ־

געהויבן שטודירן מעדיצין און פאַרענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1936. געאַרבעט אַ געוויסע צייט אין קאָוונע, דאַן אין סעמעלישאַק.

אין 1940 פאָרט ער אַריבער קיין ווילנע. ווען היטלער־דייטשלאַנד באַפאַלט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, געלינגט אים און זיין פרוי, די אַקו־שערין מירע קראַניק, זיך צו עוואַקוירן. ווען ס׳האָט זיך געשאַפן די ליט־ווישע דיוויזיע, ווערט מ. לייזעראָווסקי מאָביליזירט און איז די גאַנצע צייט פון קריג אויפן פראָנט. נאָך דער דעמאָביליזאַציע קערט ער זיך אום קיין ווילנע, אַרבעט ווי אַ טעראַפּעווט. ספּעציאַליזירט זיך שפּעטער פאַר אַ רענטגענאָלאָג און אַרבעט אין אַ ווילנער שטאָטישן שפּיטאָל. די שווערע יאָרן אויפן פראָנט האָבן אונטערגעריסן זיין געזונט. ער לײַדט פונעם האַרץ און שטאַרבט אין יאָר 1968 פון אַן אינפאַרקט.

מ. לייזעראָווסקי איז געווען אַ פאַלקסטימלעכער מענטש און הייסער ייד, מיטן גרעסטן אינטערעס זיך באַצויגן צו ישראל. זיין טרוים עולה צו זיין איז, לײַדער, ניט מקוים געוואָרן.



## יצחק לעוויטאַן

געבוירן אין שאַוול אין יאָר 1881. געענדיקט גימנאַזיע ווי אַן עקסטערן. האָט שטודירט מעדיצין אין בערלין. די מלוכה־עקזאַמענס אָפּגעגעבן ביים מעדיצינישן פאַקולטעט אין טאָמסק אין יאָר 1909. ער האָט זיך ספּעציאַ־ליזירט אַלס פרויען־דאָקטער אין די באַרימטע בערלינער קליניקעס „שאַ־ריטע״. געווען דער הויפּט־דאָקטער אין אַ שפּיטאָל אין קורסק, דאָרט איז ער אויך געווען דער פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה.

י. לעוויטאַן קערט זיך אום קיין ליטע אין יאָר 1921. אַרבעט אַלס לייטער פון דער פרויען־אָפּטיילונגביים קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים״, ווו ס'האָבן אונטער זיין אָנפירונג באַקומען אויסבילדונג די בעס־טע יידישע פרויען־דאָקטוירים אין ליטע. ער גרינדעט אַ פּריוואַטע קלי־ניק. זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן ווערן געדרוקט אין מעדיצינישע זשורנאַלן.

י. לעוויטאַן איז געווען אַ ציוניסט פון דער יוגנט אָן. ער ווערט דער פאָרזיצער פון די קאָוונער „אַלגעמיינע ציוניסטן א׳״. איז אַ שטענ־דיקער דעלעגאַט צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן.

בעת די סאָוועטישע אַרויספירונגען ווערט י. לעוויטאַן אַרעסטירט און צוזאַמען מיט זיין פרוי פאַרשיקט אין סיביר. אין יאָר 1947 באַקומט ער די דערלויבעניש זיך אומצוקערן קיין ליטע. ער באַזעצט זיך אין ווילנע, אַר־בעט אין אַ שפּיטאָל, אין גיכן ווערט ער אָבער פאַרשיקט צום צווייטן מאָל אין טיף רוסלאַנד, ווו ער שטאַרבט אין יאָר 1954.

זיין איינציקער זון, משה לעוויטאַן, אַ יונגער פרויען־דאָקטער און זיין פרוי, זענען אומגעקומען אין אַ באַהעלטעניש, בעת קאָוונער געטאָ ווערט דורך פייער און פלאַם אָפּגעווישט פון דער ערד־אויבערפלאַך אין יולי 1944.



## אברהם־זלמן לעווין

געבוירן אין יאָר 1889, געלערנט אין חדר, געענדיקט גימנאַזיע ווי אַן עקסטערן. שטודירט מעדיצין אין קעניגסבערג. באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם אין יאָר 1914. ווערט מאָביליזירט בעת דער ערשטער וועלט־

מלחמה. איז שעף פון אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין סימבירסק.

אין יאָר 1922 צוריקגעקערט קיין ליטע און זיך באַזעצט אין בירזש, פון וואַנען עס האָט געשטאַמט זיין פרוי שרה דאַרפאַן, אַן אַקושערין. א.־ז. לעווין איז געווען אַן אַקושער. אין אַזאַ שטאָט, ווי בירזש, האָט יעדער דאָקטער גלייכצייטיק געמוזט זיין אויך אַ טעראַפּעווט. א.־ז. לעווין מיט זיין פרוי האָבן אויפגענומען די געווינערינס ביי זיך אין ווינונג, ווו עס זענען געווען איינגעאָרדנט פּאַסיקע דערצו צימערן. ביידע האָבן זיי געהאַט א גוטן נאָמען ביי דער באַפעלקערונג.

א.־ז. לעווין איז געווען אַ ציוניסטישער עסקן און אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז איינערע פון די גרינדער פון דער העברעישער פאָלקס־שול, פאַרזיצער פון קרן היסוד און קרן הקיימת. ער איז געווען דער גרינדער פון אַן „אָזע״־אָפּטיילונג אין בירזש און האָט פיל צייט און ענערגיע אָפּגעגעבן דער אַרבעט צו שיצן דאָס פאָלקס־געזונט.

א.־ז. לעווין האָט פּערזענלעך אויסגעהיילט צענדליקער אָרעמע קינדער פון פאַוווס און טראַכאָם. ער האָט אויך אָרגאַניזירט די היילונג פון ציין ביי פאָלקסשול־קינדער. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו פלעגן יאָר־יערלעך דורכגעפירט ווערן ריינקייט־וואָכן מיט קינדער־דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן. די „אָזע״־אָפּטיילונג האָט לויט זיין איניציאַטיוו אויסגעטיילט פרישטיקן אומבאַמיטלטע יידישע שול־קינדער, האָט געגרינדעט האָלבּ־קאָלאָניעס, ווו יידישע קינדער פלעגן פאַרברענגען זומער.

אָפּגעבנדיק פיל צייט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט א.־ז. לעווין גלייכצייטיק נאָכגעפאָלגט די מעדיצינישע ליטעראַטור און די נייסטע דערגרייכונגען אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. ער פלעגט אָפט פאָרן קיין אויסלאַנד אויף פאַרשיידענע מעדיצינישע קאָנגרעסן. ביי אים איז געווען דער ערשטער רענטגען־קאַבינעט אין בירזש.

זיין טרוים איז געווען זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל, גלייך נאָך דעם, ווי זיינע קינדער וועלן פאַרענדיקן זייער שטודיום. זיין טאָכטער, ד״ר אסתר שטיינמאַן־לעווין האָט דעם פאָטערס טרוים פאַרווירקלעכט און לעבט איצט אין ישראל.

שוין אין די ערשטע מלחמה־טעג האָבן די בירזשער ליטווישע באַנדיטן אַרויסגעוואָרפן פון די דירות די דאָרטיקע יידן און אין בלאָטיקע, האַלב חרובע געסלעך געשאָפן פאַר זיי אַ געטאָ. אין יענע גרוילפולע טעג,

סוף יוני 1941, זענען צוויי ליטווינער געקומען רופן דעם דאָקטער א.־ז. לעווין צו אַ קראַנקן. ווי נאָר מען איז אַרויס פון הויז האָט איינער פון די באַנדיטן אויסגעשאָסן אינעם דאָקטער. א.־ז. לעווין איז געפאַלן אַ שווער פאַרוווּנדעטער. די ערשטע הילף האָט אים געגעבן זיין זון — דער יונגער דאָקטער אליהו לעווין. ס׳איז אָבער געווען אומזיסט. אַזוי איז א.־ז. לעווין געווען דער ערשטער יידישער קרבן אין בירזש. דער „חסד" פון די מערדער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן דערלויבט אים מקבר זיין אויפן יידישן בית־עולם.



## אליהו לעווין

דער זון פון ד"ר אברהם־זלמן לעווין, געבוירן אין בירזש אין יאָר 1916. ער האָט געלערנט אין דער דאָרטיקער העברעישער פאָלקסשול, שפּעטער אין דער פּאָנעוועזשער העברעישער גימנאַזיע, וועלכע ער פאַרענדיקט אין יאָר 1933. דעמאָלט איז שוין שווער געווען פאַר יידן אַנצוקומען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, איבערהויפּט פאַר די וואָס האָבן געענדיקט מיטל־שולן, ווו די אונטערריכט־שפראַך איז ניט געווען ליטוויש. א. לעווין שטודירט אַ יאָר ביאָלאָגיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט און פאָרט שטודירן מעדיצין קיין איטאַליע (פּיזאַ, נעאַפּאָל). אין יאָר 1939 פאַרענדיקט ער זיין שטודיום, קערט זיך אום קיין ליטע, מאַכט דורך דעם מיליטערישן דינסט אין קאָוונער מיליטער־שול. אין דער סאָוועטישער צייט אַרבעט ער אין ווילנער שפּיטאָל פאַר אינפעקציע־קראַנקייטן.

ווען ס׳ברעכט אויס די מלחמה, זוכט ער צו קומען צו זיינע עלטערן.

מיט אַ וועלאָסיפּעד דערגרייכט ער קאָוונע און פון דאַנען — בירזש. עס בושעווען שוין די ליטווישע רוצחים, וועלכע דערמאָרדן זיין פאָטער. זיינער אַ יוגנט־פריינד, אַ ליטווינער, האָט אים פאַרגעשלאָגן קומען צו אים זיך אויסבאַהאַלטן. א. לעווין האָט זיך אָפּגעזאָגט. געוואָלט טיילן דעם גורל פון דער מוטער. צוזאַמען מיט איר קומט ער אום בעת דער מאַסן־הריגה פון די בירזשער יידן, אין סעפּטעמבער 1941. ווי ליטווינער דער־ציילן, זאָל דער יונגער דאָקטער האָבן אויסגעדריקט בעת דער עקזעקוציע זיין פאַראַכטונג צו די מערדער און האָט זיי פאַרגעזאָגט אַ שענדלעכן סוף.



## ניסן לעווין

געבוירן אין זשאַסלע אין יאָר 1907. באַזוכט אַ חדר. געענדיקט די העבּ־רעישע גימנאַזיע אין קאָוונע אין יאָר 1926. שטודירט איין יאָר אויפן מע־דיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט און שפּעטער אין פּיזאַ (איטאַליע). באַקומט דעם דאָקטער־דיפּלאָם אין יאָר 1936 און אַרבעט ביז 1939 אין פּיזאַ אין פאַרשיידענע קליניקעס. קומט אין 1939 קיין קאָוונע און אַרבעט אין יידישן קראַנקנהויז „בקור חולים".

אין יאַנואַר 1941 ווערט ער באַשטימט פאַרן פאַרוואַלטער פון אַ מע־דיצינישן פּונקט אין שטעטל גודלעווע לעבן קאָוונע.

בעתן אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער ניט באַוויזן זיך צו עוואַ־קוירן און איז אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ. דאָרט ווערט ער געטריבן אויף צוואַנגס־אַרבעט אין פאַרשיידענע בריגאַדעס, בתוכם צו דער שרעק־לעך שווערער אַרבעט אויפן אַעראָדראָם.

אין אָקטאָבער 1943 ווערט ער אַרויסגעפירט אין די עסטישע קאָנצ־לאַגערן און פון דאָרט אין שטוטהאָפער לאַגער. פון שטוטהאָף ווערט ער פאַרשלעפּט אין פאַרשיידענע לאַגערן אין דייטשלאַנד, לסוף אין נויענגאַמע ביי האַמבורג. טראַגט דאָרט אַריבער פלעקטיפוס, בלייבט מיט אַ נס לעבן און ווערט באַפרייט דורכן ענגלישן מיליטער. קערט זיך אום קיין קאָוונע, כדי צו זוכן זיין פרוי, וועלכע האָט אויך דורכגעמאַכט דעם שוידערלעכן פיין פון די היטלעריסטישע קאָנצלאַגערן. (פרוי ב. לעווין, און איר טאָכטער — זענען איצט אין ישראל.)

אין די נאָכמלחמה־יאָרן אַרבעט נ. לעווין אין קאָוונער אייזנבאַן־שפּיטאָל אַלס טעראַפּעווט.

נ. לעווין איז געווען אַן אַלזייטיק געבילדעטער מענטש. האָט באַהערשט אייניקע אייראָפּעישע שפּראַכן. ער האָט בילדעריש באַשריבן זיין שווערן וואָגל־וועג בעת דער היטלער־הערשאַפט און פאַרעפנטלעכט דערפון אין דער קאָוונער ליטווישער טאָגצייטונג אַן אויסצוג.

אין 1963 איז ער שווער קראַנק געוואָרן. ווערט געהיילט אין קאָוונער און מאָסקווער שפּיטעלער. שטאַרבט אין יאָר 1965.



## שב״י־יעקב מאור (פּולערעוויטש)

געבוירן אין יאָר 1939 אין קאָוונע. (זיין נאָמען שב״י שטאַמט פון די ראשי תיבות פון די ווערטער שלמה בן־יוסף, צום אָנדענק פונעם קעמ־פער, וואָס איז אין יאָר 1938 עקזעקוטירט געוואָרן אין ארץ־ישראל דורך די ענגלענדער. אויך דער צווייטער נאָמען, יעקב, איז צום אָנדענק פונעם אצ״ל־קעמפער יעקב ראַז.)

פאַר ציוניסטישער טעטיקייט האָבן די סאָוועטן אין יאָר 1941 אַרעס־טירט שב״י־יעקבס פאָטער, יחזקאל פולערעוויטש, און אים פאַרמשפּט אויף צען יאָר קאַטאָרגע אין אַ סיבירער לאַגער. אין זעלבן יאָר איז פאַר־שיקט געוואָרן קיין סיביר זיין פרוי און זייער צוויי־יאָריקער זון. נאָר אין 1953, 13 יאָר נאָך דער צעשיידונג, האָט זיך די משפחה פולערעוויטש פאַראייניקט אין דעם פאַרשיקונגס־דאָרף מאַשוקאָווקאַ, אין צפון פון קראַסנאָיאַרסקער געגנט. אויך דאָרט האָבן די עלטערן דערצויגן זייער זון אין יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט. נאָך דעם ווי שב״י־יעקב האָט געענדיקט די אָרטיקע גרונט־שול האָט ער געמוזט פאָרן איבער 200 ק״מ, כדי צו לערנען ווייטער אין אַ מיטלשול. פאָרן ענדיקן זי האָט ער אונטערגענומען אַ דרייסטן שריט. ער איז איינער אַליין געפאָרן קיין ליטע מיטן ציל צו באַקומען אַ פאַספּאָרט, ווייל לעבנדיק אין דער סיבירער פאַרשיקונג וואָלט ער קיין פאַספּאָרט ניט געקראָגן און וואָלט געוועזן צוגעשמידט צום אָרט אויף ניט צו רירן זיך. דאָס איז אים געלונגען. ער האָט זיך אומגעקערט קיין סיביר און אין יאָר 1956 פאַרענדיקט די מיטלשול אין טאַסייעוואָ, קראַסנאָיאַרסקער געגנט.

שב״י־יעקב האָט באַשלאָסן צו שטודירן מעדיצין. ער איז געפאָרן קיין קראַסנאָיאַרסק, עטלעכע טויזנט קילאָמעטער פון זיין וווינאָרט, גלענצנד אויסגעהאַלטן די קאָנקורס־עקזאַמענס און אָנגעקומען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון דאָרטיקן אוניווערסיטעט.

אין יאָר 1957 איז דער משפחה פולערעוויטש דערלויבט געוואָרן זיך אומצוקערן קיין ליטע. שב״י־יעקב איז געבליבן שטודירן אין קראַס־נאָיאַרסק. דווקא דעמלט האָט זיך אָנגעהויבן די רעפּאַטריאַציע פון די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געלעבט אין ליטע. שב״י־יעקב האָט איבעֶרגעריסן זיין שטודיום, איז געקומען אין ליטע און פיקטיוו חתונה געהאַט מיט אַ פּוילישע מיידל, כדי צו קאָנען מיט די עלטערן אַרויספאָרן קיין פּוילן און פון דאָרט — קיין ישראל. צוויי יאָר האָט ער אומזיסט געקעמפט, כדי צו באַקומען די אַרויספאָר־דערלויבעניש. דערווייל האָט ער פאָרענדיקט זיין מעדיצין־שטודיום אין קאָוונער אוניווערסיטעט, באַקומען דעם דאָק־טער־דיפּלאָם אין יאָר 1962 און גענומען אַרבעטן ווי אַן אינערן־דאָקטער אין פּלונגיאַן.

די משפחה פולערעוויטש האָט אָבער די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט

מאַכן באַמיונגען צו קריגן אַן אַרויספאַר־דערלויבעניש קיין ישראל — איצט שוין אין די ראַמען פון משפחה־פאַראייניקונג. אַ דאַנק אַן אינטער־ווענץ פון הויכגעשטעלטע אויסלענדישע פערזענלעכקייטן ווערט די דער־לויבעניש אַרויסגעגעבן, און אין יאָר 1965 איז שב״י־יעקב מיט זיינע עלטערן עולה קיין ישראל. דער טרוים פון דער משפחה, וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַרן ציוניסטישן אידעאַל, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן.

שוין בעתן באַזוכן דעם אולפּן צו לערנען עברית האָט שב״י־יעקב גענומען אַרבעטן אין אַ ירושלימער שפּיטאָל. דערנאָך איז ער אָנגעקומען אַרבעטן אינעם קאַפּלאַן־שפּיטאָל אין רחובות. אין יאָר 1966 איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין די ראַמען פון דעגולערן צה״ל־דינסט. ער האָט פאַרענדיקט אַן אָפיצערן־שול און געדינט ווי אַ מיליטער־דאָקטער אין נגב. הערנדיק, אַז עס באַשטייט אַ מאַנגל אין דאָקטוירים אינעם ים־פלאָט, האָט ער זיך פרייוויליק געמאָלדן צום דינסט אויף אַן אונטערוואַסער־שיף. מען האָט אים געשיקט קיין ענגלאַנד דורכצוגיין אַ געהעריקן ספּעצ־יאַליזאַציע־קורס. בעת דער זעקסטעגיקער מלחמה האָט ער געדינט אויף דער מיליטער־שיף „נוגה״. די גאַנצע צייט האָט ער מיט פלייס פאַרטיפט זיין מעדיציניש וויסן. ער איז געווען אַ זייער חברישער און געזעלשאַפט־לעכער מענטש, האָט געהאַט אַ שיינע שטים און געזונגען העברעישע לידער אפילו אין דער סיבירער פאַרשיקונג.

לעצטנס האָט ער געדינט אויף דער אונטערוואַסער־שיף „דאַקאַר״. בעת איר נסיעה פון לאָנדאָן קיין חיפה איז נאָכן גיבראַלטאַר־דורכגוס איבערגעריסן געוואָרן מיט איר דער ראַדיאָ־קאָנטאַקט. דאָס איז געשען דעם 28טן יאַנואַר 1968. דער הויפּט־ראַבינאַט פון ישראל האָט פעסט־געשטעלט צו רעכענען דעם 30טן יאַנואַר 1968 פאַר דער דאַטע, ווען ס׳איז אומגעקומען די „דאַקאַר״־מאַנשאַפט. און דאָס איז אויך דער אום־קום־טאָג פונעם יונגן, פיל צוזאָגנדיקן דאָקטער שב״י־יעקב מאור (פּולע־רעוויטש).



## אליהו מאַטיס

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1912. ער איז דער זון פון די באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוערס ד״ר משה מאַטיס און זיין פרוי אַנאַ. מיטל־בילדונג האָט ער באַקומען אין קאָוונע. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַ־קולטעט אין בערלין, ווו ער האָט אַ לענגערע צייט געאַרבעט אין די אָטאָ־לאַרינגאָלאָגישע קליניקעס און זיך ספּעציאַליזירט אַלס האַלדז־, נאָז־ און אויערן־דאָקטער.

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט באַזעצט ער זיך און פּראַקטיצירט אין קאָוונע, ווו ער דערוועבט זיך אַ גרויסן נאָמען. אין יידישן שפּיטאָל ווערט געשאַפן אַן אָפּטיילונג פאַר האַלדז־ נאָז־ און אויערן־קראַנקייטן, מיט וועלכער א. מאַטיס פירט אָן. ער האָט איינגעפירט אין ליטע נייע אָפּעראַציע־מעטאָדן.

א. מאַטיס האָט אַ סך געאַרבעט וויסנשאַפטלעך. איבער צוואַנציק פון זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן ווערן געדרוקט אין דייטשישע, עסט־רייכישע, שוועדישע, פראַנצויזישע און ליטווישע מעדיצינישע זשורנאַלן.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון ליטע איז א. מאַטיס מיט זיין משפחה פאַרשפּאַרט אין קאָוונער געטאָ.

אין דער קינדער־אַקציע, סוף מערץ 1944, ווערט אויף אַ גרויזאַמען אופן אומגעבראַכט זיין פרוי (אַ דייטשקע פון געבורט) צוזאַמען מיט זייערע קינדער. א. מאַטיס אַליין קומט אום בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אין דער ערשטער העלפט יולי 1944.



## טאַמאַרע און וואָלף מאַרקאָווסקי

הירש־וואָלף מאַרקאָווסקי, געבוירן אין יאָר 1900 אין שטעטעלע ווישטי־טיס, ווילקאָווישקער קרייז. געלערנט אין אַ שול אין סמאַרגאָן. געענדיקט גימנאַזיע אין מאָסקווע. געשטודירט מעדיצין אין בערלין און דאָרט באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם.

זיין פרוי, טאַמאַרע מאַרקאָווסקי, געבוירן אין יאָר 1900 אין ליבאַווע (לעטלאַנד). געענדיקט גימנאַזיע אין מאָסקווע. ווי איר מאַן, געשטודירט מעדיצין אין בערלין און דאָרט באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם.

נאָכן ענדיקן בלייבן די מאַרקאָווסקיס אַרבעטן אין שלעזיע (דייטשלאַנד). ער איז אַ טעראַפּעווט, זי — אַ פּעדיאַטער. נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט באַזעצן זיי זיך אין קיבאַרט און פּראַקטיצירן דאָרט מיט גרויס דערפאָלג.

זיי און זייער צוועלפיאָריקער זון לעאָניד קומען אום אין קיבאַרט צוזאַמען מיט די אַרטיקע יידן אין האַרבסט 1941.

## אברהם מישעלסקי

געבוירן אין קאָוונער פּאַרשטאָט סלאָבאָדקע אין יאָר 1909. געלערנט אין קאָוונער העברעישער רעאַל־גימנאַזיע, וועלכע ער ענדיקט אין יאָר 1927. אַנגעקומען אין קאָוונער אוניווערסיטעט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. אים געענדיקט אין יאָר 1935. גלייך גענומען געוואָרן אין ליטווישן מיליטער, ווו ער האָט געדינט אַלס סאַניטאַרער אונטער־אָפיצער. נאָכן דינען

אַנגעהויבן פּראַקטיצירן ווי אַ דאָקטער אין אַ שטעטל ביי ווילקאָמיר און דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ליטווישע רוצחים נאָך איידער די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט די געגנט.



## חיים מעדאַליע

געבוירן אין פּאָפּעליאַן אין יאָר 1891. געלערנט אין אַ חדר, שפּעטער אין אַ רוסישער גימנאַזיע אין ווילנע, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג. צוליב די באַדינגונגען פאַר יידן ביים אַנקומען אין די רוסישע אוניווערסיטעטן איז ער אין יאָר 1910 געפאָרן שטודירן מעדיצין אין דייטשלאַנד — אין היידלבערגער און לייפּציגער אוניווערסיטעטן. שוין אין די סטודענטישע יאָרן שליסט ער זיך אָן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. נאָכן ערשטן וועלט־קריג קערט ער זיך אום קיין ליטע. האָלט אויס די מלוכה־עקזאַמענס אין קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1923 און באַזעצט זיך אין שטעטל דאַרביאַן. ח. מעדאַליע און זיין פרוי די צאָן־דאָקטערין יעטע טאָל פאָרן אין עטלעכע יאָר אַרום אַריבער קיין מאַריאַמפּאָל, ווו ער אַרבעט דערפאָלגרייך אַלס טעראַפּעווט און קינדער־דאָקטער.

ח. מעדאַליע און זיין פרוי זענען אַקטיווע ציוניסטישע עסקנים, טוען אַ סך פאַר דער הכשרה פון די חלוצים. זיי האָבן שטענדיק גע־שטרעבט זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל, און געהאָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר זייער עליה — אַוועקגעשיקט דעם זון אליהו אין לאַנד. אין ישראל געפינט זיך אויך זייער טאָכטער זינטה שדה.

זייער טרוים איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. די היטלעריסטן האָבן

פאַרכאַפּט ליטע, און ח. מעדאַליע, זיין פרוי און זייער יינגערער זון דוד זענען אומגעקומען דעם 1טן סעפּטעמבער 1941 אין מאַריאַמפּאָל צוזאַמען מיט אַלע יידן פון שטאָט.



## מענדל סודאַרסקי

געבוירן אין יאָר 1885, אינעם קליינעם שטעטעלע ווישטינעץ ביים געווע־זענעם גרענעץ פון רוסלאַנד און מזרח־פּרייסן. אין דער קינדהייט האָט ער געלערנט אין אַ חדר. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע און צוגלייך וועלט־לעכע דערציונג. מיטל־בילדונג האָט ער זיך דערוואָרבן ווי אַן עקסטערן אין סוואַלקער רוסישער גימנאַזיע און געפאָרן שטודירן מעדיצין אין לייפּציג און פרייבורג (דייטשלאַנד). אין בערלין האָט ער זיך ספּעציאַלי־זירט ווי אַן אויגן־דאָקטער. דאָ האָט ער זיך דערנענטערט צו די סטו־דענטן, וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט אינעם „פאַריין פון די יידישע שטו־דירנדע פון רוסלאַנד" און. האָבן געפירט אַ יידיש־נאַציאָנאַלע אויפקלע־רונגס־אַרבעט צווישן דער יידישער סטודענטשאַפט אין בערלין.

מ. סודאַרסקי איז שוין דעמאָלט געווען אַן אַלזייטיק געבילדעטער מענטש, באַהאַוונט אין ליטעראַטור, פילאָזאָפיע און באַזונדערס אין יידישע וויסנשאַפטן — יודאַיקע. האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער טעטיקייט פון פאַריין.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז ער אין דייטשלאַנד אינטערנירט געוואָרן, ווי אַ רוסישער בירגער. נאָך אַן אינטערווענץ האָט מען אים אַרויסגעלאָזט. ער איז אָפּגעפאָרן קיין שוועדן

און פון דאָרט — קיין רוסלאַנד. דאָ איז ער מאָביליזירט געוואָרן ווי אַ מיליטערישער דאָקטער און געדינט אין פאַרשיידענע שטעט און געגנטן, צום סוף אַלס דאָקטער פון אַ „שווערן אַרטילערישן דיוויזיאָן" פון דער רויטער אַרמיי, מיט וועלכער ער איז דערגאַנגען אין יאָר 1920 ביז ביאַ־ליסטאָק. (אין דער צייט פון דער סאָוועטיש־פוילישער מלחמה.)

נאָך דער מלחמה באַזעצט ער זיך אין קאָוונע, ווו ער פאַרנעמט זיך מיט פּריוואַט־פּראַקטיק, ווי אַן אויגן־דאָקטער און עפנט (צוזאַמען מיט ד"ר ב. גאַלאַך) אַ רענטגענאָלאָגישן קאַבינעט. זיין שטוב אויף אַזשעשקאָ 3 ווערט אַ צענטער פון די יידישיסטישע קולטור־טוערס. ער איז איינער פון די גרינדער פון דער יידישער פאָלקס־פּאַרטיי אין ליטע, דער פּאַרזיצער און לעבעדיקער גייסט פון דער „יידישער בילדונגס־געזעלשאַפט", דער מיטגרינדער און איינפלוסרייכסטער טוער פון דער פאָל־קיסטישער טאָג־צייטונג „פאָלקסבלאַט", ווו ער דרוקט זיינע פּובליציס־טישע און ליטעראַריש־קריטישע ווי אויך פּאָפּולער־מעדיצינישע אַרטיקלען. אַ געוויסע צייט איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דער צייטונג. ער איז אויך אַן אַקטיווער מיטגליד פונעם „אָזע"־קאָמיטעט, איז טעטיק אין דער „היס־טאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט".

ווען די קאָמוניסטיש־געשטימטע עלעמענטן אין דער „בילדונגס־געזעלשאַפט" נעמען אַריין אין זייערע הענט דעם „פאָלקסבלאַט", פאַר־לאָזט מ. סודאַרסקי ליטע אין יאָר 1938 און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק. דאָ איז ער ממשיך זיין אינטענסיווע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער איז דער איניציאַטאָר פון דער „פעדעראַציע פון די ליטווישע יידן אין אַמעריקע", וואָס גיט אַרויס אונטער זיין רעדאַקציע די צייטשריפט „דער ליטווישער ייד", געווידמעט די פּראָבלעמען פון ליטווישן יידנטום און זיין טראַגעדיע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1943 גרינדעט מ. סודאַרסקי צוזאַמען מיט זיין פרוי אַלטע די „קולטור־געזעלשאַפט פון ליטווישע יידן", וואָס איר ציל איז צו פאַראייביקן דעם זכר פון יידישן שטייגער און די שעפערישקייט פון די יידן אין ליטע במשך פון די לעצטע 600 יאָר.

מ. סודאַרסקי שטעלט צונויף און גיט אַרויס אין יאָר 1951 די גרויס־פאָרמאַטיקע מאָנאָגראַפיע „ליטע", ערשטער באַנד. דער צווייטער באַנד איז שוין דערשינען נאָך זיין טויט.

מ. סודאַרסקי — דער ערלעכער געזעלשאַפטלעכער טוער, מענטשן־פריינד און דאָקטער, וואָס האָט באמונה און אָן שום אייגננוץ געטאָן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, איז געשטאָרבן אין יאָר 1951 אין ניו־יאָרק.



## אליהו סעגאַל

געבוירן אין מאַריאַמפּאָל אין יאָר 1891. געלערנט אין אַ חדר און נאָכדעם אין אַ רוסישער גימנאַזיע. שטודירט מעדיצין אין דייטשלאַנד — אין קעניגסבערגער און ווירטענבערגער אוניווערסיטעטן. געענדיקט אין יאָר 1928. בעתן שטודירן האָט א. סעגאַל געהערט צו סטודענטישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

שוין אין יאָר 1917 געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין דער ספּאָרט־באַוועגונג, בעיקר אין ווילנער יידישן ספּאָרט־קלוב „מכבי".

א. סעגאַל האָט געפירט אַ ברייטע פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין די יאָרן 1924—25. געווען דער לייטער פון אַ לערער־סעמינאַר ביי „תרבות". פון 1925—1930 אָנגעפירט מיט דער העברעישער גימנאַזיע אין ריגע. אין יאָר 1931 זיך באַזעצט אין קאָוונע, ווו ער ווערט מאָביליזירט אַלס מיליטער־דאָקטער אין דער ליטווישער אַרמיי.

נאָך דער דעמאָביליזאַציע אַרבעט א. סעגאַל ווי אַ דאָקטער פון קראַנקן־קאַסע, איז אַקטיוו אין קולטור־לעבן פון דער יידישער קאָוונע, בעיקר אין דעם ספּאָרט־קלוב „מכבי". אויף אַלע קאָנפערענצן פון „מכבי" טרעט ער אַרויס מיט פּאָרטראָגן. ער איז דער ערשטער און איינציקער יידישער ספּאָרט־דאָקטער.

אין קאָוונער געטאָ, ווו א. סעגאַל פאַלט אַריין, פירט ער אָן אַ

געוויסע צייט מיט דער סאָציאַלער אָפּטיילונג. נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ ווערט ער דעפּאָרטירט אין דעם דייטשישן קאָנצלאַגער דאַכאַו. דאָרט דערוואַרט ער זיך די באַפרייונג. אין יאָר 1946 איז א. סעגאַל עולה קיין ארץ ישראל. אַרבעט ווי אַ שול־דאָקטער אין תל־אביב, וווּ ער שטאַרבט אין יאָר 1963.

פאַר דער מלחמה האָט א. סעגאַל געדרוקט אַרטיקלען אין דער קאָוו־נער „אידישער שטימע", „אונזער עתיד" און אַנדערע צייטונגען. אין ישראל זענען געדרוקט געוואָרן זיינע אַרטיקלען אויף מעדיצינישע טעמעס אין „המשקיף", „חירות", „הארץ", „מעריב" און „ידיעות אחרונות".



## ישראל־איזידאָר עליאַשעוו
## (בעל־מחשבות)

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1873. געלערנט אין אַ ישיבה. געשטודירט מעדיצין אין היידלבערג און בערלין. זינט 1905 זיך פאַרנומען מיט מעדי־צינישער פּראַקטיק, גלייכצייטיק געשריבן פּובליציסטישע און ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען, רעדאַגירט צייטשריפטן. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען מאָביליזירט אַלס מיליטער־דאָקטער און געדינט אין קאַסט־ראָמער גובערניע. נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד געלעבט אין פּעטראָ־גראַד און קיעוו.

אין יאָר 1921 קערט ער זיך אום קיין קאָוונע. לעבט דאָ אַ קורצע צייט, נעמט אָנטייל אין דער טעטיקייט פונעם סאַניטאַר־מעדיצינישן אַמט ביים יידישן נאַציאָנאַל־ראַט. פאָרט קיין בערלין. קערט זיך אום אָנהויב

1924 קיין קאָוונע, ווו ער שטאַרבט אין גיכן. די יידישע קאָוונע פירט אים צו דער אייביקער רו מיט גרויס כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר איינעם פון די באַדייטנדיקסטע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער און פּובליציסטן.



## אלחנן עלקעס

געבוירן אין קאַלוואַריע אין יאָר 1873. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג. אין יונגן עלטער פאַרלאָזט ער זיין היים און גייט אַריבער קיין קאָוונע. זעצט פאָר לערנען תורה און גרייט זיך צוגלייך אָפּצוגעבן עקזאַמענס אויף מיטלבילדונג. אויסגעהאַלטן זיי, קומט ער אָן אויף מעדי־צין אין קעניגסבערגער אוניוועסיטעט.

אין יאָר 1903 האָט ער פאַרענדיקט זיין שטודיום און באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם. שוין זענענדיק אַ סטודענט, האָט ער אָלזייטיק באַרייכערט זיין מעדיציניש וויסן: געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל פאַר טובער־קוליאָז־קראַנקע און שפּעטער זיך פאַרפולקומט אין נויראָלאָגיע. אין יוריעווער (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו, עסטלאַנד) אוניווערסיטעט האָט ער אויסגעהאַלטן די מלוכה־עקזאַמענס און באַקומען רעכט צו פּראַקטיצירן אין רוסלאַנד.

פון יאָר 1907 ביז 1914 איז ער געווען אַ דאָקטער אין בערעזינאַ, אַ שטעטל אין מינסקער גובערניע. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז ער מאָביליזירט געוואָרן ווי אַ מיליטער־דאָקטער. דער צופאַל האָט געוואָלט, ער זאָל אַריינפאַלן אין אַ פּאָלק פון קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך שוידערלעך באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג, אויסגע־טראַכט אויף זיי בלעריי בלבולים און פאַרגאָסן אומשולדיק יידיש בלוט.

ד"ר עלקעס האָט זיך געשפּייזט אין קאַזינאָ צוזאַמען מיט די קאָזאַקישע אָפיצערן פון זיין פּאָלק. איין מאָל האָט ער ביים עסן געהערט, ווי יונגע אָפיצערן פליסן זיך, אַז זיי האָבן אויפגעהאַנגען צוויי „יידישע שפּיאָנען". א. עלקעס איז אויפגעשטאַנען, אַוועק צום קאָמאַנדיר און געמאָלדן, אַז ער וועט זיך מער ניט שפּייזן אין קאַזינאָ. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אים אַריבערגעהויבן נעענטער צום פראָנט...

נאָך דער מלחמה האָט א. עלקעס געאַרבעט אַ קורצע צייט אין אַ סוואַלקער שפּיטאָל און געפאָרן קיין דייטשלאַנד זיך פאַרפולקומען. אין יאָר 1920 האָט ער זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין קאָוונע און גענומען פּראַקטיצירן. פון יאָר 1923 איז ער פאַרוואַלטער פון אַן אָפּטיילונג פאַר אינערן־קראַנקייטן ביים יידישן שפּיטאָל „בקור חולים". אונטער זיין אָנפירונג אַנטוויקלט זיך די דאָזיקע אָפּטיילונג צו אַ ביז גאָר ערנסטן מעדיציניישן אַנשטאַלט, וואָס האָט געגעבן הילף קראַנקע און אויסגעהאָדעוועט אַ דור יונגע דאָקטוירים, וועלכע האָבן דאָ דורכגעמאַכט זייער פּראַקטיק. מיט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג האָט א. עלקעס געאַרבעט אין דער פּריוואַט־פּראַקטיק. זיין נאָמען איז געווען ברייט באַקאַנט און צו אים האָבן זיך געווענדעט קראַנקע פון אַלע ווינקעלעך פון ליטע. ער איז געווען דער פּאָפּולערסטער דאָקטער ביי אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און צוגלייך דער דאָקטער פון די העכסטע ליטווישע מלוכה־מענער און פון מיטגלידער פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס.

ס'איז געווען צו באַוווּנדערן זיין אַרבעטספעייס: ביי טאָג געהיילט און אויפגענומען קראַנקע, ביז שפּעט אין די אָוונטן זיך פאַרטיפט אין דער נייסטער מעדיציניישער ליטעראַטור און נאָכגעפאָלגט די ניי־דערשיינענע ביכער פון דער העברעישער און וועלט־ליטעראַטור.

א. עלקעס איז געווען פון דער יוגנט אָן אַ הייסער נאַציאָנאַלער ייד. צוליב זיין גרויסער פאַרנומענקייט, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּגעבן מיט אַ סיסטעמאַטישער ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט זיך אָבער באַטייליקט אין די וויכטיקסטע אונטערנעמונגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. איז געווען באַזונדערס וואַכזאַם פאַר די ענינים פון „החלוץ".

אין די יאָרן 1940/41 האָט ער, ווי אירער אַ דאָקטער, אויסגענוצט זיינע פאַרבינדונגען מיט דער סאָוועטישער דיפּלאָמאַטישער פאַרשטייער־

שאַפט כדי צו באַקומען פון מאָסקווע דורכפאַר־וויזעס פאַר הונדערטער יידישע פליטים פון פוילן, וואָס האָבן אַזוי אַרום עולה געווען קיין ארץ ישׂראל אָדער האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער דייטשיש־סאָוועטישער מלחמה איז א. עלקעס שיעור ניט געפאַלן אַ קרבן פון די סאָוועטישע דעפּאַרטאַציעס קיין סיביר. מען איז אין איינער אַ נאַכט געקומען אים אַרויספירן. ער איז געלעגן שווער קראַנק. האָט מען אים דערוויל ניט גענומען. אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען די דעפּאַרטאַציע אָפּגערופן אויפן סמך פון אַן אינטערווענץ פונעם געוועזענעם סאָוועטישן געזאַנדטן, וועלכן א. על־קעס האָט געהיילט.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון ליטע האָט דער גורל אַרויסגעהויבן דעם ד״ר א. עלקעס צו שטיין בראש פון דער קאָוונער יידישער עדה בעת דער טראַגישסטער תקופה פון איר קיום. אויף דער עקשנותדיקער ביטע פון ׳ידישע כלל־טוערס האָט ער מסכים געווען צו נעמען אויף זיך די שווערע לאַסט צו זיין פּאַרזיצער פון עלטעסטן־ראַט פון דער יידישער געטאָ־געמיינדע. ער האָט גענאָסן פון דער העכסטער אַכטונג ביי די יידן אין געטאָ, ווייל ער האָט די אַרויפגענומענע פליכט געטאָן באמונה און אָן שום אייגננוץ. ווי אויסטערליש עס זאָל ניט קלינ־גען, אויך די היטלעריסטישע רוצחים האָט ער צו מאָל באַווירקט מיט זיין שטאָלצער האַלטונג און דעם כוח פון זיין נאָבעלער פערזענלעכקייט און אָפּגעשריען אָדער לכל הפחות געמילדערט גזרות און פורעניות אויף דעם געטאָ־קבוץ. אין זיין זכות האָט מען, זעט אויס, צוריקגעבראַכט פון ניינטן פאָרט דעם גאַנצן עלטעסטן־ראַט און אַנדערע טוערס פון דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, נאָך דעם ווי מען האָט זיי אין אַפּריל 1944 אַוועק־געפירט אויפן אומקום־אָרט פון קאָוונער יידן, כדי אַרויסצופּרעסן פאַר־שיידענע ידיעות וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און די באַהעלטענישן („מאַלינעס״) אין געטאָ.

ד״ר א. עלקעס איז געווען אינפאָרמירט וועגן דער טעטיקייט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. ער האָט איר געגעבן זיין ברכה און געשטיצט מיט די מיטלען, וואָס זענען געשטאַנען אין זיין רשות אַלס פאַרזיצער פון עלטעסטן־ראַט.

אויך בעת דער ליקווידאַציע פון קאָוונער געטאָ אין דער ערשטער

העלפט פון חודש יולי 1944 האָט ער איינגעשטעלט זיין לעבן, מאַכנדיק אַ פּרווו צו באַווירקן דעם געטאָ־קאָמענדאַנט ניט דורכצופירן די דעפּאָר־טאַציע.

צוזאַמען מיט זיין עדה איז א. עלקעס פאַרשלעפּט געוואָרן קיין דאַכאַו. ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם קאַופערינגער פיליאַל פונעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן דעם פּיין און די ליידן פון די לאַגער־אסירים. „ס'איז אומווירדיק אַזוי ווייטער צו לעבן!" — האָט ער זיך אויסגעדריקט פאַר זיינע ליידנסברידער.

בלויז דריי חדשים האָט א. עלקעס געשלעפּט דעם עול פון קאַצעט. דעם 17טן אָקטאָבער 1944 האָט ער אויסגעהויכט זיין אידעלע נשמה.

## לאַזאַר עפּשטיין

געבוירן אין יאָר 1886. געענדיקט אין 1917 דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פונעם אוניווערסיטעט אין יוריעוו (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו, עסטלאַנד). געווען אַקטיוו פּאָליטיש, מיטגליד פון דער ליטווישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי און אירער אַ דעפּוטאַט אין ליטווישן סיים (פּאַרלאַמענט).

געאַרבעט האָט ל. עפּשטיין אין דער געזונטהייט־אָפּטיילונג פון דער קאָונער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַלס שטאָטישער שול־דאָקטער און אויך זיך פאַרנומען מיט פּריוואַט־פּראַקטיק. געווען דער אויטאָר פונעם ערשטן און איינציקן הילפסבוך אין ליטוויש וועגן שול־היגיענע.

ל. עפּשטיין איז אַריינגעפאַלן אין ווילנער געטאָ. זיין פרוי און שווע־גערין, אַ פּליטה פון פּוילן, די פרוי פון לאָדזשער דאָקטער קעלזאָן, מיט אירע צוויי קינדער האָבן זיך געפונען אין קאָונער געטאָ. דעם פאַרשלאָג פון אַ ליטווישן אינטעליגענט אים צו ראַטעווען, האָט ל. עפּשטיין אָפּגע־וואָרפן, ניט געוואָלט בלייבן לעבן אָן דער משפּחה.

אין ווילנער געטאָ האָט ל. עפּשטיין אָנגעפירט מיטן געזונטהייט־אַמט. נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, ווערט ער פאַרשלעפּט קיין קלאָגע, אַ לאַגער אין עסטלאַנד. ער גיט דאָ מעדיצינישע הילף די אסירים. דער

לאַגערפירער האָט אים מערדערלעך צעשלאָגן, הלמאי ער האָט פאַרלאַנגט באַנדאַזש־מאַטעריאַל פאַר די פאַרוואונדעטע יידן. אויסגעשעפט פיזיש, צע־בראָכן גייסטיק, שטאַרבט ער ווינטער 1944.



## משה עפשטיין

געבוירן אין שאַוול אין יאָר 1891. אין זיינע קינדער־יאָרן געלערנט יידי־שע למודים. שפּעטער ענדיקט ער אַ רוסישע גימנאַזיע און הויבט אָן שטו־דירן מעדיצין אין ציריכער אוניווערסיטעט. ווען ס׳ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, קערט ער זיך אום אַהיים און ווערט מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי. אַ קורצע צייט שפּעטער זעצט ער פאָר זיין שטודיום אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט און ענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין יאָר 1919. נאָך שטודירנדיק, ווערט ער באַשטימט אַלס יינגערער אַסיסטענט אין דער גינעקאָלאָגישער קליניק. אין 1919—20 איז ער אין דער רויטער אַרמיי. נאָך דער באַפרייונג אַרבעט ער אין דער פּרויען־אָפּטיילונג פון שטאָטישן שפּיטאָל אין אַכטירקאָ, כאַרקאָווער ראַיאָן.

סוף 1921 קערט ער זיך אום מיט זיין משפחה קיין ליטע און פאַר־נעמט זיך מיט פּריוואַט־פּראַקטיק אין שאַדעווע, ראַקישאָק און פּאַנעועזש. אין צווישן מאַכט ער דורך די מלוכה־עקזאַמענס ביים קאָונער אוניווער־סיטעט און פאָרט כמעט יעדע פאָר יאָר קיין בערלין אויף ספּעציאַליזאַציע־קורסן.

אין 1931 ווערט ער נאָמינירט אַלס לייטער פון דער רענטגענאָלאָגי־שער אָפּטיילונג אין פּאַנעוועזשער רעגירונגס־שפּיטאָל. גלייכצייטיק דער־

פילט ער דאָרט די פליכטן פון וויצע־שעף פון דער גינעקאָלאָגישער אָפּ־טיילונג.

זינט 1925 איז נ. עפשטיין טעטיק אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג אין ליטע און טוט פיל פאַר די חלוצישע הכשרה־פונקטן און תרבות־שולן. זיין הויז אין פאָנעוועזש איז אַ צענטער פאַר ארץ־ישראל־שליחים און ציוניסטישע עסקנים.

אַנהויב 1935 איז ער עולה מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל. דאָ ווערט ער אַנגענומען אין קופת־חולים אין פתח־תקוה, אַרבעט לאַנגע יאָרן אַלס דאָקטער פון קבוץ גבעת השלושה.

נאָכן קומען קיין ארץ־ישראל שליסט זיך מ. עפשטיין אָן אין דער „הגנה" און ווערט נאָמינירט אַלס קרייז־דאָקטער פון דער געהיימער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. ער טוט אויך פיל פאַרן לייגן די פונדאַ־מענטן פון „מגן־דוד אדום" אין פתח־תקוה. מ. עפשטיין איז אויך טעטיק אין פאַראיין פון די דאָקטוירים, אין דער „ליגע ווי", און זיין דינאַמישע געשטאַלט לאָזט זיך פילן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פתח־תקוה.

סוף 1947 דערפילט ער במשך פון אַכט חדשים אַ וויכטיקע מעדיצי־נישע שליחות אין די לאַגערן פון די אומלעגאַלע עולים אין ציפּערן (קפריסין).

מ. עפשטיין אַרבעט ביז זיין לעצטן אָטעמצוק. דער טויט געפינט אים אין אַמבולאַטאָריע פון קופת־חולים, בעת ער אונטערזוכט אַ קראַנקן. געשען איז עס אין יאָר 1958.



## אהרון פיק

געבוירן אין קיידאַן אין יאָר 1872. געלערנט אין סלאָבאָדקער ישיבה. פאַרלאָזן די ישיבה און זיך אָפּגעגעבן וועלטלעכע לימודים. זיך דער־שלאָגן צו אַ רייפקייט־צייגניש. געאַרבעט ווי אַ לערער אין שאַוולער תלמוד־תורה. געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. זיך אָפּ־געגעבן מיט זאַמלען פאָלקס־לידער. שטודירט און געענדיקט מעדיצין אין פאַריז.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געאַרבעט אין שפּי־טעלער פון דרום־פראַנקרייך. זיך אומגעקערט קיין ליטע אין יאָר 1922 און אויסגעהאַלטן די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט אין קאָוונער אוניווערסיטעט. ביזן קומען אַהער האָט א. פּיק שוין געהאַט אַ פּראַקטישן סטאַזש. ער באַקומט דעם פּאָסטן פונעם לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר אינערלעכע קראַנקייטן אין שאַוולער שטאָטישן שפּיטאָל. ער איז טעטיק געזעלשאַפטלעך. ווערט אויסגעקליבן פאַרן פאַרזיצער פון שאַוולער קהילה זינט איר גרינדונג אין יאָר 1923 ביז איר ליקווידאַציע. ער איז פאַרזיצער פון דער געזעלשאַפט „אָזע" במשך פון איר טעטיקייט.

א. פּיק גיט אָפּ פיל אויפמערקזאַמקייט דער היגיענישער אויפקלערונג און דער פאַרהיטונג פונעם געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג. זענענדיק אַן אויסגעצייכנטער לעקטאָר, ווערט ער ניט איין מאָל פאַר־בעטן צו האַלטן לעקציעס אין קאָוונע און אין די אַרומיקע שטעטלעך.

עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיינע אַרטיקלען אויף פאַרשיידענע מעדיצינישע טעמעס, באַזונדערס וועגן פּראָפילאַקטיק, ווי אויך אַ גרעסערע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט מיטן טיטל „די נייגונג פון די יידן זיך צו קורירן". ער האָט אויך געשריבן בעלעטריסטיק.

בשעת ליטע איז געוואָרן סאָוועטיזירט, ווערט ער פאַרפאָלגט ווי אַ ציוניסט. מען באַפרייט אים פון זיין פאָסטן אין שפיטאָל. שפעטער באַ־קומט ער א קליינע שטעלע אין דער שטאָטישער פאָליקליניק.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, פאַלט ער אַריין אין שאַוולער געטאָ, ווו ער שטאַרבט אין יאָר 1943.

אין געטאָ האָט א. פיק געפירט אַ טאָגבוך, אין וועלכן ער האָט פאַר־צייכנט די בלוטיקע נגישות קעגן שאַוולער יידן און בילדעריש געשילדערט זייערע ליידן הינטערן שטעכלדראָט.

## יצחק פיין

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1911. בעתן „גירוש" געוועזן מיט די עלטערן פאַרוואָגלט אין בערדיאַנסק, פון וואַנען זיך אומגעקערט קיין ליטע ערשט אין יאָר 1923. געלעבט אין קאָוונע, ווו געענדיקט די העברעישע רעאַל־גימנאַזיע אין יאָר 1929. אָנגעקומען שטודירן מעדיצין אין קאָוונער או־ניווערסיטעט. דעם דאָקטער־דיפּלאָם באַקומען אין יאָר 1937.

בעתן שטודירן געווען זייער אַקטיוו אין דער סטודענטן־קאָרפּאָראַציע „ירדניה". זיך אויסגעצייכנט ווי אַ רעדנער און טוער אין דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער, שפעטער אין דער יידנשטאָטס־פּאַרטיי.

י. פיין האָט אויסדרוקספול געזונגען, באַזונדערס — חסידישע לידער. די געוועזענע קאָרפּאָראַציע־מיטגלידער פון „ירדניה" פאַרגעסן ניט עד היום די אָוונטן, אין וועלכע ער פלעגט מיט זיי איינלערנען חסידישע פזמונים.

נאָכן ענדיקן געאַרבעט אין ווישיי, ווי אַ דאָקטער פון אינערן־קראַנקייטן און געווען זייער באַליבט ביי דער יידישער און ניט־יידישער באַפעלקערונג פון שטעטל און אומגעגנט.

צוזאַמען מיט דער ווישייער עדה יידן איז ער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די ליטווישע רוצחים אין לאַזדיי, דעם 3 נאָוועמבער 1941.



## חיים פינקעלשטיין

געבוירן אין ווילקאָווישק אין יאָר 1893. געענדיקט די ווילנער „קאַגאַנס גימנאַזיע". שטודירט מעדיצין אין מאַרבורג (דייטשלאַנד). ווען ס'ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, ווערט ער ווי אַ רוסישער בירגער אינטער־נירט אין אַ לאַגער און אַרבעט דאָרט אַלס סאַניטאַר.

נאָכן קריג קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד. שטודירט אויפן מעדי־ציניש פאַקולטעט פון כאַרקאָווער אוניווערסיטעט, וועלכן ער ענדיקט אין יאָר 1920.

קערט זיך אום קיין ליטע, האַלט אויס די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיציניש פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1923. אַר־בעט אַ קורצע צייט ווי אַ רענטגענאָלאָג אין קאָוונער שטאָטיש שפּיטאָל. ספּעציאַליזירט זיך דאָן אויף מאָגן־ און געדערעם־קראַנקייטן. באַקומט אין גיכן אַ נאָמען ווי איינער פון די בעסטע ספּעציאַליסטן אין קאָוונע אויף דעם געביט. אין זיין באַהאַנדלונג געפינען זיך מיטגלידער פון דיפּלאָמאַ־טישן קאָרפּוס.

אין יאָר 1928 גרינדעט ח. פינקעלשטיין אַ פּריוואַטע קליניק. ער טרעט אָפּט אַרויס מיט וויסנשאַפטלעכע לעקציעס. זיינע אַרטיקלען ווערן געדרוקט אין ליטווישן זשורנאַל „מעדיצינאַ" און אין דייטשישע וויסנ־שאַפטלעכע אויסגאַבעס.

אין דעם סאָוועטישן יאָר 1940/41 ווערט ער באַשטימט פאַרן לייטער פון דער טעראַפּעווטישער אָפּטיילונג פון קאָוונער שפּיטאָל „רויטער קרייץ". נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה פאַלט ער אַריין אין קאָוונער געטאָ, ווו ער איז איינער פון די אָנפירער מיטן סאַניטאַרן דינסט. ער ווערט פאַרשלעפּט אין די דייטשישע קאַצעטן. נאָך דער באַפרייונג פאָרט

ער קיין איטאַליע, ווו ער אַרבעט פון 1946—1949 אַלס לייטער פון דער מעדיצינישער אָפּטיילונג פון „דזשאָינט".

דאַן קומט ח. פינקעלשטיין קיין אַמעריקע, מאַכט דורך די שווערע מלוכה־עקזאַמענס, אַרבעט אין פאַרשיידענע קליניקעס. דאָרט ווערן גע־דרוקט זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

פון אַמעריקע איז ער עולה אין יאָר 1971 קיין ישראל שוין אַ שווער קראַנקער. ער שטאַרבט דאָ אין דעצעמבער 1971.



## לאַזאַר פינקעלשטיין

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1884. שטודירט מעדיצין אין בערלינער אוניווערסיטעט. אָפּגעגעבן די מלוכה־עקזאַמענס אין כאַרקאָווער אוניווער־סיטעט אין יאָר 1911. געאַרבעט אַ געוויסע צייט אין מאָסקווער קליני־קעס. ווערט מאָביליזירט אין דער אַרמיי נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ערשט אין יאָר 1920 געלינגט ל. פינקעלשטיינען און זיין פרוי זיך צוריקצוקערן קיין קאָוונע. ער ספּעציאַליזירט זיך פאַר אַ קינדער־דאָקטער. אין גיכן ווערט ער מאָביליזירט אין דער ליטווישער אַרמיי.

ווען ס'ווערט סוף 1921 געגרינדעט אין ליטע די געזעלשאַפט „אָזע", איז ל. פינקעלשטיין איינער פון אירע מיטגרינדער. אין משך פון אַלע יאָרן, וואָס „אָזע" עקזיסטירט, ביז איר ליקווידאַציע דורך דער ראַטן־מאַכט אין יאָר 1940, איז ער פאָרזיצער פון ליטווישן „אָזע" און מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון וועלט־פאַרבאַנד „אָזע" (פריער אין בערלין, שפּעטער אין פּאַריז) און באַטייליקט זיך אין אַלע קאָנגרעסן פון פאַרבאַנד.

אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן אין קאָוונע דער יידי־

שער קינדער־שפּיטאָל, וועלכער ווערט שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ קינ־דער־אָפּטיילונג ביים שפּיטאָל „בקור חולים״. אַלע יאָרן איז ער דער לייטער פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג, ווו עס ספּעציאַליזירן זיך אַ סך יונגע יידישע דאָקטוירים.

ל. פינקעלשטיין איז געווען אַן אַלזייטיק געבילדעטער מענטש, באַ־הערשט עטלעכע שפּראַכן, האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס פאַר וויסנ־שאַפטלעכער אַרבעט. ער טרעט אָפט אַרויס מיט לעקציעס. זיינע אַר־טיקלען ווערן געדרוקט אין פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן.

נאָכן מאָרד פון ד״ר בנימין גאַלאַך (אין יאָר 1939) ווערט ל. פינ־קעלשטיין דער הויפּט־דאָקטער פונעם שפּיטאָל „בקור הולים״. אין משך פון יאָרן איז ער פאָרזיצער פון קאָוונער דאָקטוירים־פאַריין.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער קריג צווישן דייטשלאַנד און דעם סאָ־וועטן־פאַרבאַנד, איז ל. פינקעלשטיין מיט אַ גרופּע יידן אַרויסגעפאָרן אין אַן אויטאָבוס פון קאָוונע. אויפן וועג ווערט דער אויטאָבוס באַשאָסן דורך די ליטווישע באַנדיטן. ס׳געלינגט אָבער דעם אויטאָבוס זיך דורכ־צורייסן קיין מינסק. די דייטשישע אַוויאַציע באָמבאַרדירט שטאַרק די שטאָט. ל. פינקעלשטיין און די איבעריקע יידן פון זיין גרופּע גייען צו פוס ווייטער. הינטער מינסק פאַלן זיי אָבער אַריין אין די הענט פון אַ דייטשישן דעסאַנט. מען מוז זיך אומקערן קיין ווילנע. ל. פינקעלשטיין ווערט פאַרשפּאַרט אין ווילנער געטאָ. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אין סעפּטעמבער 1943, ווערט ער פאַרשלעפּט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין עסטלאַנד. דאָרט איז ער געווען דער אָנפירער פונעם „קראַנקן־רעוויר״. לויט דער גביית עדות פון ד״ר מ. דוואָרזשעצקי אין זיין בוך „מחנות היהודים באסטוניה״, דערמאָנען אַ סך אסירים צו גוטן ד״ר פינקעלשטיינס נאָמען און באַצייכענען מיט לויב זיין זאָרג און מסירת־נפש פאַר די קראַנקע אין לאַגער.

איין מאָל האָט דער עס־עס־דאָקטער פינקעלשטיינען מערדערלעך צעשלאָגן און דער דאָקטער האָט געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד. נאָך דעם האָט ער זיך שוין ניט אָפּגעכאַפּט און איז געשטאָרבן אָנהייב 1944.



## ברוך פליישמאַן

געבוירן אין נאָווגאָראָד־וואָלינסק אין יאָר 1877. געענדיקט גימנאַזיע אין זשיטאָמיר. ניט געקוקט אויפן „נומערוס קלאַוזוס", געלינגט אים דורכצוגיין די קאָנקורס־עקזאַמענס און אָנקומען אויפן מעדיצינישן פאַ־קולטעט פון קיעווער אוניווערסיטעט. פאַרן באַטייליקן זיך אין דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג מאָביליזירט מען אים אין דער צאַרישער אַרמיי.

נאָכן באַפרייען זיך פון מיליטער, שטודירט ער אַ געוויסע צייט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון ווינער אוניווערסיטעט (עסטרייך), דער־נאָך אין קיעווער אוניווערסיטעט, וועלכן ער פאַרענדיקט אין יאָר 1909. ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער ייִדישער זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציע.

אין יאָר 1913 פאַרענדיקט ב. פליישמאַן זיין שטודיום און באַקומט דעם דאָקטער־דיפּלאָם. ביים אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט ער מאָביליזירט אַלס מיליטער־דאָקטער. ער צייכנט זיך אויס און מען באַשענקט אים מיט אָרדענס. אין יאָר 1916 פאַלט ער אַריין אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט, פון וועלכער עס געלינגט אים צו אַנטלויפן. נאָך דער דעמאָביליזאַציע ווערט ער געשיקט אין טיף רוסלאַנד (טווערער גובערניע), ווו ער פירט אָן מיט אַ שפּיטאָל. אין יאָר 1918 קומט ער קיין ליטע, פון וואַנען עס שטאַמט זיין פרוי. ער אַרבעט אין דעם קליינעם ליטווישן שטעטל אייראַגאָלע, ווו ער דערוואַרבט זיך גרויס אַכטונג און אויטאָריטעט.

אין יאָר 1928 פאָרט ב. פליישמאַן אַריבער קיין קאָוונע. אַרבעט אין ייִדישן שפּיטאָל און אין דער קראַנקן־קאַסע. ס'ווערן געדרוקט זיינע אַרטיקלען אין ליטווישן וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל „מעדיצינאַ".

בשעת די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט ליטע, האָט זיך ב. פליישמאַן גע־פונען אין דעם קוראָרט דרוסקעניק. ער איז צוגעשטאַנען צו אַן אָפּטרע־טנדיקן טייל פון דער רויטער אַרמיי און איז מיט איר אַריינגעפאַלן אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט. אונטער אַ פרעמדן נאָמען, ווי אַ ניט־ייִד, האָט ער זיך געפונען אין אַ לאַגער פון קריגס־געפאַנגענע. דאָרט האָט זיך ב. פליישמאַן באַטייליקט אין אַן אונטערערדישער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע, געהאָלפן אַ סך פון די געפאַנגענע.

אין יאָר 1944 האָט אים אַ פאַררעטער אַרויסגעגעבן און ער ווערט דערשאָסן.



## שעוועל (שאול) קאַבאַקער

געבוירן אין שאַקי אין יאָר 1868. געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע אין סוואַלק. אין יאָר 1904 ענדיקט ער דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. בעת דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג מאַכט ער דורך די מלחמה אין די סיבירער שיסער־רעגימענטן און געפינט זיך נאָענט צו די באַוווסטע שלאַכטן ביי מוקדען. ער ווערט באַשאַנקען מיט אַ ריי הויכע אָרדנס.

אומגעקערט זיך פון מלחמה, באַזעצט ער זיך אין מאַריאַמפּאָל, וווּ ער איז פאַרוואַלטער פון שטאַטישן שפּיטאָל אויפן נאָמען פון דער „היילי־קער מאַרגאַריטאַ״.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914—1918 איז ער ווידער מאָ־ביליזירט. ווערט באַשטימט פאַר דעם הויפּט־דאָקטער פון אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין מאָסקווע. נאָך דער מלחמה קערט ער זיך אום קיין ליטע,

באַזעצט זיך אין קאָוונע און פּראַקטיצירט ווי אַ טעראַפּעווט. ווי נאָר עס ווערט געגרינדעט „אָזע", אַרבעט ער אין קאָוונער „אָזע"־אַמבולאַטאָריע. אין משך פון אַלע יאָרן איז ער מיטגליד פון דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע פון „אָזע". ש. קאַבאַקער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אידעלער באַציונג צו די קראַנקע, מיט זיין געוואַלדיקער באַשיידנקייט.

ער איז אומגעקומען דעם 27 מערץ 1944 בעת דער אַקציע אויף קינדער און עלטערע לייט אין קאָוונער געטאָ.



## סאָפיע קאַמבער

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1883. געענדיקט מעדיצין אין פּעטערבורג אין יאָר 1914. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אומגעקערט אין דער היימשטאָט קאָוונע.

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן איז זי שוין געווען אַלזייטיק געבילדעט, האָט גוט באַהערשט עטלעכע שפּראַכן און געהאַט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר מוזיק און מאַלעריי.

ס. קאַמבער איז געווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און לאַנגיאָריקע מיטאַרבעטערין פון „אָזע".

נאָך דעם, ווי די היטלעריסטן אָקופּירן ליטע, פאַלט זי אַריין אין קאָוונער געטאָ. שפּעטער ווערט זי פאַרשלעפּט אין עסטישן קאָנצלאַגער וויוואַראַ. אין זיין בוך „מחנות היהודים באסטוניה", שרייבט ד"ר מ. דוואָרזשעצקי, אַז ס. קאַמבער האָט מוטערלעך געזאָרגט פאַר די עטלעכע הונדערט יידישע יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען אַריינגעפאַלן אין לאַגער, זיך אָפּגעגעבן זיי מיט דער גאַנצער ליבשאַפט פון איר נשמה.

האַרבסט 1944 האָבן די רוסן טאָג און נאַכט באָמבאַרדירט עסט־לאַנד. די דייטשן האָבן מיט אַ שיף אַריבערגעפירט די לאַגער־אסירים קיין דאַנציג און פון דאָרט — אין טויט־לאַגער שטוטהאָף. מען האָט זיי ניט תיכף אַריינגעטריבן אין לאַגער, נאָר געהאַלטן אַ געוויסע צייט מחוץ די שטעכלדראָטענע צוימען. זעענדיק די דריי גרויסע קוימענס, פון וועלכע ס׳האָט געשפּאַרט אַ רויך, ווי פון דער גרעסטער פאַבריק, האָט ס. קאַמבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען קוימענס פון קרעמאַטאָריום. „דאָ איז אונדזער סוף״ — האָט זי געזאָגט צו די אַרומיקע און זיך איינגעשפּריצט סם...

## מאַיסיי־לעאָן קאַגאַן

געבוירן אין שאַוול אין יאָר 1894. נאָכן ענדיקן גימנאַזיע אָנגעקומען שטודירן מעדיצין אין בערלין אין יאָר 1914. גלייכצייטיק געלערנט מוזיק אין דער קאָנסערוואַטאָריע. צוליבן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איבערגעריסן דעם שטודיום. פאַרענדיקט מעדיצין אין מאָסקווער אוניווערסיטעט.

זיך באַזעצט אין קאָונע און געאַרבעט אין אַ שטאָטישער אַמבולאַטאָריע אַלס טעראַפּעווט. ביי זיין יונגער פרוי טיליע ווייזן זיך סימנים פון לונגען־טובערקוליאָז. זי פאָרט זיך היילן אין דאַוואָס (שווייץ). מ. ל. קאַגאַן איז כמעט די גאַנצע צייט מיט איר און ספּעציאַליזירט זיך דאָרט ווי אַ פטיזיאַטער. נאָך זייער צוריקקער פּראַקטיצירט ער דערפאָלגרייך ווי אַ דאָקטער פון טובערקוליאָז־קראַנקייטן. ער ווערט אַקטיוו אין דער ליגע צו באַקעמפן טובערקוליאָז, פירט אָן מיט דער טובערקוליאָז־סאַנאַטאָריע אויפן נאָמען פון ק. גרינויס אין פאַנעמון. ווען ס׳ווערט געעפנט די יידישע טובערקוליאָז־סאַנאַטאָריע אין ראָמיין, איז ער אַ געוויסע צייט אויך איר שעף־דאָקטער.

מ. ל. קאַגאַן אַרבעט די גאַנצע צייט וויסנשאַפטלעך און דרוקט אַרטיקלען אין ליטווישן מעדיצינישן זשורנאַל „מעדיצינאַ״, אין דייטשישע, שווייצאַרישע און פראַנצויזישע מעדיצינישע זשורנאַלן. ווען ס׳קומט היט־

לער צו דער מאַכט, איז ער אַקטיוו אינעם באַיקאָט פון דייטשישע מעדיי־קאַמענטן, הערט אויף זיך דרוקן אין דייטשישע אויסגאַבעס. ער שטיצט די שפּאַניע־קעמפּער, זיינע נעגטערע פריינד איז באַקאַנט, אַז ער איז פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין ערשטן פעריאָד פון דער סאָוועטיזאַציע פון ליטע, זומער 1940, ווערט מ. ל. קאַגאַן באַשטימט פאַרן געזונטהייט־מיניסטער. אין גיכן ווערט ער אָבער פאַרביטן דורך אַ ליטווינער. ווען ס׳ברעכט אויס די מלחמה, גע־לינגט אים זיך צו עוואַקוירן אין דער טיף פון רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה קערט ער זיך אום קיין ליטע, באַזעצט זיך אין ווילנע און ווערט באַשטימט פאַרן דירעקטאָר פונעם טובערקוליאָז־אינסטיטוט. ער האָט פאַרטיידיקט די דיסערטאַציע פאַרן טיטל „קאַנדידאַט פון מעדיצינישע וויסנשאַפטן" און גרייט זיין דאָקטאָראַט. ער טרעט אויף מיט וויסנשאַפטלעכע לעקציעס אויף אַלפאַרבאַנדישע קאָנגרעסן אין מאָסקווע.

מ. ל. קאַגאַן איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער פלעגט אָבער זיך ניט שטערן עפנטלעך אַרויסצוזאָגן מיינונגען ניט אין איינקלאַנג מיט דער „פּאַרטיי־ליניע". בעת אין מאָסקווע און אין אַנדערע שטעט פונעם ראַטנפאַרבאַנד זענען אָנהויב 1953 געגרייט געוואָרן פּראָצעסן קעגן יידישע דאָקטוירים, ווערט מ. ל. קאַגאַן אַרעס־טירט. נאָך סטאַלינס טויט (מערץ 1953) און דער דערקלערונג, אַז דער פּראָצעס קעגן די יידישע דאָקטוירים איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע, גייט ער אַרויס אויף דער פריי. ער איז פיזיש און מאָראַליש צעבראָכן. ער רוט אָבער ניט, שרייבט אָנקלאַגעס קעגן זיינע אויספאָרשער, וואָס זענען געווען ברוטאַל און אכזריותדיק.

ער איז קראַנק, אנטוישט און שטאַרבט אין יאָר 1956.

אין גיכן שטאַרבט אויך זיין פרוי, די דאָקטערין טיליע קאַגאַן־פינקעלשטיין, אַ ליבער מענטש און גרויסער פריינד פון די קראַנקע.



## עמע קאַנטאָר־ברוידע

געבוירן אין יאָר 1905. צו 20 יאָר האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס שול־שוועסטער אין „אָזע", איבערנעמענדיק דעם פּאָסטן פון איר עלטערער שוועסטער פרומע. צוגלייך שטודירט עמע מעדיצין אין קאָוונער אוני־ווערסיטעט. נאָכן ענדיקן דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין יאָר 1933 זעצט זי פאָר איר אַרבעט אין „אָזע" אַלס שול־דאָקטער.

ביידע שוועסטערס ברוידע זענען געווען די ערשטע שול־שוועסטערס אין דער פּיאָנערישער אַרבעט פון „אָזע" אויפן געביט פון זאָרגן פאַרן געזונט פון די פאָלקסשול־קינדער.

אין אירן אַן אַרטיקל, געדרוקט אין דער אויסגאַבע פון „אָזע" אין 1937, שרייבט ע. קאַנטאָר־ברוידע: „מיר באַמיען זיך אַריינצוטראָגן אַ ביסל יום־טובדיקייט אין גרויען לעבן פון פאָלקס־קינד. די היים וואָס מיר שאַפן פאַר אים אין אונדזערע קינדער־קאָלאָניעס, העלפט אים פּי־זיש און גייסטיק אין זיין ווייטערדיקן לעבנס־וועג..."

ע. קאַנטאָר־ברוידע און איר מאַן ברוך קאַנטאָר, וואָס איז געווען אַ לאַנגיאָריקער טרייער מיטאַרבעטער פון „אָזע"־אַדמיניסטראַציע, זענען אומגעקומען אין קאָוונער געטאָ אין דער אַקציע פון 26טן סעפּטעמבער 1941.



## שבתי (אַלעקסאַנדער) קאַנטאָראָוויטש

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1893. דאָ געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. ווי דער גרעסטער טייל פון דער יידישער יוגנט, איז ער ניט אָנגענומען געוואָרן אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט און געפאָרן שטודירן אין דער שווייץ. זיין מעדיצין־שטודיום פאַרענדיקט ער אין מאָסקווער אוניווערסי־טעט. אין ליטע געמוזט אָפּגעבן מלוכה־עקזאַמענס. זיי אויסגעהאַלטן אין יאָר 1924 ביים ליטווישן אוניווערסיטעט אין קאָוונע.

ש. קאַנטאָראָוויטש באַזעצט זיך אינעם שטעטל קראָק, ווו ער ווערט גלייך זייער פּאָפּולער ביי דער יידישער און ניט יידישער באַ־פעלקערונג פון דער געגנט. שפּעטער פאָרט ער אַריבער קיין קאָוונע. באַטייליקט זיך אין דער אַרבעט פון „אָזע". אַרבעט אויך אין דער קראַנקן־קאַסע. ספּעציאַליזירט זיך אין ווין אויף מאָגן־ און געדערעם־קראַנקייטן.

נאָך דעם ווי ליטע ווערט סאָוועטיש, פאָרט ער אַריבער קיין ווילנע. ווען די דייטשן פאַרכאַפּן די שטאָט, פאַלט ער און זיין משפחה אַריין אין געטאָ. זיי אַנטלויפן פון געטאָ און בלייבן לעבן.

נאָך דער באַפרייונג באַשליסט ער צו פאַרלאָזן ליטע. ער מיט זיין משפחה און נאָך אַ גרופּע יידן פּרוון אין 1946 אַריבערגיין מיט אַ לאַסט־אויטאָ די גרענעץ פון פּוילן. אונטערוועגנס באַשיסט מען זיי און ס'ווערט דערהרגעט ד"ר קאַנטאָראָוויטשעס איידעם. די מאַשין ווערט פאַרהאַלטן, און אַלע פאַלן אַריין אין תפיסה.

שוין דעמלט האָבן זיך באַוויזן ביי אַ. קאַנטאָראָוויטשן די ערשטע סי־מנים פון אַ האַרצקראַנקייט.

נאָך צוויי יאָר לאַגער קערט זיך אום זיין פרוי קיין ווילנע אַ שווער קראַנקע און שטאַרבט פון אַן אינפאַרקט.

אין יאָרן אָרום פאַרבינדט אַ. קאַנטאָראָוויטש זיין לעבן מיט דער ווילנער פרוי אסתר יפה, וואָס האָט רעכט זיך צו רעפּאַטרייִרן קיין פוילן. עס הייבט זיך אָן דער שווערער קאַמף פאַרן פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד. אָן אַרויספאָר־דערלויבעניש קומט זיי פאַרמעל. מערערע מאָל פאָרט קאַנטאָראָוויטש קיין מאָסקווע, זוכט די הילף פון פוילישן קאָנסולאַט, ווענדט זיך אָן אויפהער אין דעם „אָוויר", דעם אַמט, וואָס גיט אַרויס־פאָר־דערלויבענישן.

זיין האַרץ האַלט ניט אויס. אַרויסגייענדיק איין מאָל פון „אָוויר", באַקומט ער אַ שווערן האַרצאַטאַק און בלייבט ליגן אַ צייט אין מאָסקווע. שפּעטער ווערט ער אַריבערגעפירט קיין ווילנע, ווו ער שטאַרבט אין יאָר 1959.



## אברהם־בער קאַפּאָר

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1893. דאָ באַקומען מיטל־בילדונג. פון יאָר 1913—1919 געשטודירט מעדיצין אין די אוניווערסיטעטן פון פאַריז און ליעזש.

זיך אומגעקערט קיין ליטע, געהאַלטן די מלוכה־עקזאַמענס. געאַר־בעט צוערשט אין שטעטל שירווינט, שפּעטער אין קאָוונער־סלאָבאָדקע, צולעצט אין שאַנץ. געאַרבעט אין דער אַמבולאַטאָריע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און אין דער קראַנקן־קאַסע. זיך דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען.

אויפֿן צווייטן מלחמה־טאָג געלינגט אים זיך צו עוואַקוירן קיין ראַטנ־פֿאַרבאַנד. אין הינטערלאַנד אַרבעט ער צוערשט אין דער געגנט פֿון גאָרקי. ווען ס'איז צוגעפֿאַלן דער האַרבסט, איז ער מיט זיין משפּחה, ווי אַ סך פֿון די עוואַקוירטע, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין וואַרעמע קליידער, אַרויסגעפֿאָרן קיין אוזבעקיסטאַן און זיך באַזעצט אין בוכאַראַ. דאָ אַרבעט ער אין אַ שטאָטישער פּאָליקליניק. די לעבנס־באַדינגונגען זיינען זייער שווערע.

נאָך דער מלחמה קערט ער זיך אום קיין קאָוונע, אַרבעט אין דער פּאָליקליניק אויפֿן גרינעם באַרג.

די שווערע מלחמה־יאָרן האָבן אונטערגעגראָבן זיין געזונט און ער שטאַרבט פּריציייטיק אין יאָר 1948.

## רבקה קאַפּלאַן־מאַלק (סלאָון)

געבוירן אין יאָר 1897. האָט געשטודירט מעדיצין אין קאָוונער אוניווערסי־טעט. אין יאָר 1934 באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם. געאַרבעט אין דער כירורגישער אָפּטיילונג פֿון קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים" אַלס עלטערע אַסיסטענטין. אין יאָר 1937 איז זי געשיקט געוואָרן קיין ווין זיך צו פֿאַרפֿולקומען ביים באַוווּסטן ספּעציאַליסט פֿון מאָגן־ און געדע־רעם־כירורגיע פּראָפֿ. פֿינסטערער.

בעת דער היטלער־אָקופּאַציע געווען פֿאַרשפּאַרט אין קאָוונער געטאָ, דערנאָך פֿאַרשלעפּט אין דייטשישע קאַצעטן.

נאָך דער מלחמה געלעבט אין ניו־יאָרק, וווּ זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1973.

## די ברידער קאַרלינסקי

דער עלטסטער — דוד — געבוירן אין יאָר 1887. געענדיקט דעם מעדיצי־נישן פֿאַקולטעט פֿון וואַרשעווער אוניווערסיטעט אין יאָר 1913. יאָרנלאַנג פּראַקטיצירט אין קרעטינגען. אַ געוויסע צייט געווען אויך דער דירעקטאָר פֿון דער אַרטיקער העברעישער פּראָגימנאַזיע.

דער צווייטער ברודער — יוסף — געבוירן אין יאָר 1891. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1923. פּראַקטיצירט אין יורבורג.

דער דריטער — אברהם — געבוירן אין יאָר 1892. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט אין יאָר 1916. פּראַקטיצירט אין ווילקאָמיר. אַ געוויסע צייט געווען קרייז־דאָקטער — פון די געציילטע ידן אין מלוכה־דינסט.

אַלע דריי ברידער קאַרלינסקי זענען געווען פּאָפּולער אין זייערע שטעטלעך ביי דער ידישער און ניט־ידישער באַפעלקערונג. און אַלע דריי זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די ליטווישע רוצחים, נאָך דעם, ווי די היטלעריסטן האָבן פאַרכאַפּט ליטע. דער דאָקטער אברהם קאַרלינסקי זאָל זיך האָבן בעת דער עקזעקוציע געווענדעט צו די מערדער: „איך האָב אַזוי פיל פון אייך געראַטעוועט פון טויט. דאָס איז אייער דאַנק...״ מען האָט אים געשאָסן אין די פּיס און אַ שווער פאַרוואונדעטן אַריינגעשטויסן אין גרוב...



## רבקה קלאַוואַנסקי־ליימאַן

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1898. דאָ געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע. דעם מעדיצינישן פאַקולטעט געענדיקט אין כאַרקאָוו. קומענדיק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה קיין קאָוונע, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרבעט פון דעם סאַניטאַר־מעדיצינישן אָמט ביים ידישן נאַציאָנאַל־ראַט, שפּעטער — אין דער טעטיקייט פון „אָזע״ צווישן די צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד פּליטים.

דער נאַציאָנאַל־ראַט האָט איינגעלאַדן דעם יונגן ענטוזיאַסטישן ייִדישן דאָקטער פון דייטשלאַנד זיגפריד לײמאַן, ווי אַ דערפאַרענעם טוער אויפן געביט פון קינדער־פאַרזאָרגונג, כדי צו אָרגאַניזירן די סאָציאַלע און מעדיצינישע הילף פאַר די קינדער פון דער אומבאַמיטלטער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט קיין ליטע נאָכן גירוש.

ד״ר ז. לײמאַן אָרגאַניזירט אין קאָוונע דעם ערשטן קינדער־הויז, וועלכן רבקה קלאַוואַנסקי גיט זיך אָפּ מיט איר גאַנצער יוגנט־ענערגיע. ביי ד״ר ז. לײמאַן ווערט רייף דער געדאַנק פון שאַפן א קינדער־דאָרף (כפר־ילדים) אין ארץ־ישראל. אין 1925 פאָרט ער קיין דייטשלאַנד, שאַפט אַ ברייטן קאָמיטעט פון פריינד פון זיין אידייע. די ערשטע גרופּע קינדער פאָרט אָפּ אַהין פון קאָוונע אין יאָר 1926. די צווייטע — שוין מיט ז. לײמאַן און זיין פרוי רבקה קלאַוואַנסקי — אין יאָר 1927.

אין כפר ילדים בן־שמן באַטייליקט זי זיך אין דער שווערער אָרגאַניזיר־אַרבעט. זי איז אויך דער דאָקטער פונעם כפר ילדים. האַנט ביי האַנט מיט איר מאַן, דעם גרויסן קינדער־פריינד, טוט זי איר דערהויבענע אַרבעט ביז די לעצטע טעג פון איר לעבן,

זי שטאַרבט אין בן־שמן אין יאָר 1959.



## אליעזר קלינג

געבוירן אין יאָר 1888 אין שטעטעלע קאַפּליצע ווילקאָמירער קרייז. געלערנט צוערשט ביי אַ מלמד, דאַן אין ווילקאָמירער ישיבה. אין דער פרי באַזוכט אַ שטאַטישע אָנפאַנג־שול. דערנאָך אַנגעקומען אין פּאָנעוועזשער

רוסישער גימנאַזיע, וועלכע ער פאַרענדיקט.

מעדיצין האָט א. קלינג אָנגעהויבן שטודירן אין מינכען (דייטש־לאַנד). שוין דעמאָלט האָט ער געהערט צו אַ ציוניסטישער פאַראייניקונג. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער, ווי אַ רוסישער בירגער, געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד. עס געלינגט אים אַריבערצופאָרן קיין שווייץ און אָנצוקומען אין ציריכער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט פאַרענדיקט זיין מעדיצין־שטודיום.

צוריקגעקערט זיך נאָך דער מלחמה קיין ליטע, האָט א. קלינג געמוזט אָפּגעבן מלוכה־עקזאַמענס אויף ליטוויש. ער הויבט אָן פּראַקטיצירן אין ווילקאָמיר און ווערט אויך דער פאַרוואַלטער פונעם אָרטיקן יידישן שפּיטאָל.

א. קלינג איז געווען פון די גרינדער פון ווילקאָמירער העברעישער גימנאַזיע און במשך פון צוויי יאָר — אויך איר אָפּיציעלער דירעק־טאָר. ער איז אויך געווען פאַרטראָטן אין דער קהילה און אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. זיין אַקטיווסטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער געווידמעט דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג און החלוץ. ער האָט באַזוכט ארץ־ישראל בעת דער דערעפענונג פון ירושלימער אוני־ווערסיטעט. פון דעמאָלט פלעגט ער זייער אָפט פאַרברענגען זיין אור־לויב אין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1939 איז א. קלינג עולה געווען. ער באַזעצט זיך אין תל־אביב און פּראַקטיצירט ווי אַ דאָקטער פון קופּת־חולים. ער איז געווען דער דאָקטער פון דער שיף „נגבה“, וואָס האָט געבראַכט אין לאַנד יידישע פּליטים פון אייראָפּע און שאַנכיי.

אין די יאָרן 1953/54 האָט ער געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל אין אַמע־ריקע. אַ זייער אַרבעטערזאַמער און טעטיקער, האָט ער פאָרגעזעצט זיין מעדיצינישע פּראַקטיק ביז אַ יאָר פאַרן טויט. געשטאָרבן איז ער דעם 2טן פעברואַר 1968.



## אריה לייב קראַנזאָן

געבוירן אין קאַלוואַריע אין יאָר 1894. געענדיקט ווילקאָווישקער גימנאַ־זיע אין 1913 מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. אַ דאַנק אָט דער אויסצייכענונג איז ער אָנגענומען געוואָרן אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט אין ראָסטאָוו־אויפן־דאָן, וועלכן ער האָט פאַרענדיקט אין יאָר 1918.

נאָכן צוריקקער קיין ליטע אַרבעט ער אַ קורצע צייט אין דער פרויען־קליניק פון פראָפ. מאָזשיליס.

אַזוי ווי די סאָוועטישע דיפּלאָמען ווערן אין ליטע ניט אָנערקענט, מוז ער האַלטן די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. אין יאָר 1924 האָלט ער זיי אויס און באַזעצט זיך אין זיין געבוירן־שטאָט קאַלוואַריע, וווּ ער איז דערפאָלגרייך טעטיק.

א. ל. קראַנזאָן איז אַן אַקטיווער ציוניסטישער עסקן. צוזאַמען מיט זיין משפחה, אַ פרוי מיט צוויי טעכטער, ווערט ער דעם 23טן יוני 1941 דער־מאָרדעט דורך די אָרטיקע ליטווישע באַנדיטן, נאָך איידער די דייטשישע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטאָט.



## יעפים (אפרים) ראַבינאָוויטש

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1869. געענדיקט גימנאַזיע אין ליבאַו (איצט לעפּאַיע, לעטלאַנד). שטודירט און פאַרענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין יוריעוו (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו, עסטלאַנד) אין יאָר 1895. באַזעצט זיך אין קאָוונע. זיך ספּעציאַליזירט אין אַקושעריע און גינעקאָלאָגיע אין מינכען.

שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען באַוווסט ווי אַ הויך־קוואַליפיצירטער ספּעציאַליסט, געאַרבעט אין קאָוונער ידישן שפּיטאָל.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָרן מאָביליזירט, געאַרבעט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין דווינסק, שפּעטער אין מאָסקווע. אויך געאַרבעט אַלס דאָקטער אויפן פראָנט. דעמאָביליזירט געוואָרן אין יאָר 1917 און זיך אומגעקערט קיין קאָוונע, ווו ער האָט זיך דערוואָרבן אַ ברייטע פּריוואַטע פּראַקטיק און געעפנט אַן אייגענע פּריוואַן־קליניק.

ווען ס'האָבן אין די דרייסיקער יאָרן זיך באַוויזן די ערשטע דאָקטוירים, פּליטים פון דייטשלאַנד, שפּעטער אויך פון ווין, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע באַציונג צו זיי און מאַטעריעל געהאָלפן ביד רחבה.

א. ראַבינאָוויטש מיט זיין פרוי פאַלן אַריין אין קאָוונער געטאָ, ווו ער ווערט געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, ווי איינער פון די אָנפירערס מיט דער געשאַפענער אין געטאָ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „אשל" (ארגון שמירה לאילנים). איר ציל איז געווען צו אָרגאַניזירן די ציוניסטישע יוגנט און היטן די געטאָ־גערטנער, וועלכע האָבן געגעבן אַ קענטיקן בייטראָג צו דער באַשפּייזונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.

ד"ר ראַבינאָוויטש איז אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון קאָוו־

נער געטאָ אין דער ערשטער העלפט יולי 1944. צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע ייִדן האָט ער זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער — „מלינה". די שטוב איבער זיי איז געוואָרן אונטערגעצונדן. געפינענדיק זיך אין דעם אויס־גאַנגסלאָזן מצב, זאָל דער דאָקטער א. ראַבינאָוויטש האָבן אײַנגעשפּריצט סם די אויסבאַהאַלטענע ייִדן און זיך.

## אורי ראָזאָווסקי

געבוירן אין יאָר 1871. שטאַמט פון אַ באַרימטער משפחה חזנים און מו־זיקער. ענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין כאַרקאָוו אין יאָר 1893. פּראַקטיצירט ווי אַ קינדער־דאָקטער אין שאַוול.

ער איז געווען אַן אַלזײַטיק געבילדעטער מענטש, געשריבן לידער אין רוסיש, קינסטלעריש איבערגעזעצט קרילאָווס משלים אין ייִדיש. בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע געווען פאַרשפּאַרט אין שאַוולער געטאָ.

דעם 5טן נאָוועמבער 1943 איז דער 70־יאָריקער קינדער־דאָקטער פרײַוויליק אַוועק מיט די אומשולדיקע ייִדישע קינדערלעך, וועלכע מען האָט צונויפגעכאַפּט בעת דער קינדער־אַקציע און אַרויסגעפירט צום טויט.

## יצחק ראָזענהאָלץ

געבוירן אין ווילקאָווישק, אין יאָר 1913. דאָרט געענדיקט גימנאַזיע. גע־לערנט אויך אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. געווען רעליגיעז.

דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָונער אוניווערסיטעט האָט ער פאַרענדיקט אין יאָר 1938.

אָנגעהויבן פּראַקטיצירן אין שטעטל קאַפּטשעווע (קאַפּטשיאַמיעסטיס) און איז דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט דער קליינער ייִדישער עדה אין יולי 1941.



# דאָרע ראַכמיל

געבוירן אין מינסק אין יאָר 1918 ביי אַ משפּחה, וואָס האָט געשטאַמט פון ליטע. די משפּחה פאָרט אַריבער קיין ליטע און באַזעצט זיך אין מאַזשייק.

די עלטערן שטאַרבן פרי אָפּ. ד. ראַכמילס אָנקל, ד״ר חיים ראַכמיל און זיין פרוי די ציין־דאָקטערין שרה ראַכמיל נעמען די פינפיאָריקע דאָרע צו זיך אין ווילקאָמיר, וווּ זי וואַקסט ווי זייערס אַ קינד. דאָרע באַקומט אַ ידישע דערציונג, פאַרענדיקט די ידישע גימנאַזיע אין יאָר 1936. זי ווערט אָנגענומען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, וועלכן זי פאַרענדיקט אין יאָר 1941.

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, לויפן ח. ראַכמיל און זיין משפּחה צופוס פון די דייטשן. נאָך אַ לאַנגן וואַנדער־וועג קומען זיי אָן קיין טור־קמעניע, וווּ די ראַכמילס אַרבעטן אַלס דאָקטוירים. אין יאָר 1943 שטאַרבט דאָרט ד״ר חיים ראַכמיל.

נאָכן באַפרייען ליטע פון דער נאַצישער אָקופּאַציע קערן זיך אום קיין ליטע שרה און דאָרע ראַכמיל. באַזעצן זיך אין ווילנע.

אין יאָר 1946 האָט דאָרע חתונה. באַלד ווערט איר מאַן, יוסף טייטלבוים, אַרעסטירט פאַר ציוניסטישער טעטיקייט און פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע. דאָרע דערוואַרט אַ קינד. אין יאָר 1948 ווערט זי מיט איר פּיצל קינד און איר טאַנטע שרה ראַכמיל, ווי קרובים פון אַ „בוגד במלכות״ פאַרשיקט קיין סיביר אויף „פּאַסעלעניע״.

נאָך סטאַלינס טויט ווערט דאָרעס מאַן באַפרייט פון לאַגער, אָבער אָן רעכט זיך צוריקצוקערן קיין ליטע. ער בלייבט פאַרשיקט אין אַ וווייטן צפון־ראַיאָן. אין אַ צייט אַרום באַקומט ער די דערלויבעניש צו ברענגען

די משפחה צו זיך. דאָרט אַרבעט דאָרע אין אַ שפּיטאָל פאַר טובערקוליאָז־קראַנקע.

ערשט אין יאָר 1956 ווערן דאָרע און שרה ראַכמיל „רעהאַביליטירט" און באַקומען די דערלויבעניש זיך אומצוקערן קיין ליטע. דאָרע אַרבעט אין ווילנער קראַנקנהויז פאַר טובערקוליאָז־קראַנקע.

אין גיכן ווערט דאָרע שווער קראַנק און שטאַרבט אין יאָר 1964. איר שטענדיקער טרוים עולה צו זיין קיין ישראל, איז געבליבן ניט פאַרווירקלעכט.

אין ישראל געפינט זיך זינט 1969 די ציין־דאָקטערין שרה ראַכמיל און דאָרעס טאָכטער ויטה, אַ יונגע דאָקטערין און איר פאָטער — איינער פון די אסירי־ציון — יוסף טייטלבוים.



## חיים ראַכמיל

געבוירן אין ווילקאָמיר אין יאָר 1893. געענדיקט גימנאַזיע, קומט ער אָן שטודירן מעדיצין אין פעטערבורג, אין פּסיכאָ־נעווראָלאָגישן אינסטיטוט, וווּ עס ווערן אָן באַשרענקונג אָנגענומען יידן. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 גייט ח. ראַכמיל אַריבער אין סאַראַטאָווער אוניווערסיטעט, פאַרענדיקט מעדיצין אין יאָר 1919, ווערט מאָביליזירט. ערשט אין 1922 געלינגט אים מיט זיין פרוי, די ציין־דאָקטערין שרה ראַכמיל אומצוקערן זיך קיין ליטע. זיי באַזעצן זיך אין זיין געבוירן־שטאָט ווילקאָמיר. אין 1924 גיט ער אָפּ די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָונער אוניווערסיטעט. הויבט אָן זיין פּאַרצווייגטע אַרבעט אין דער האַלב־חרובער שטאָט אַלס דאָקטער און געזעלשאַפטלעכער טוער. ער

ווערט זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי די אָרעמסטע שיכטן פון דער באַ־פעלקערונג.

ה. ראַכמיל גיט אָפּ אַ סך צייט און זיין גאַנצע ענערגיע דער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט, קודם כל — „אָזע״, ווו ער איז פון דער גרינדונג אָן דער פּאַרזיצער און אַמבולאַטאָריע־דאָקטער. אַ דאַנק זיין איבערגע־געבענער מעדיצינישער טעטיקייט ווערט אויסגעראָטן די קראַנקייט „פּאַ־ווּוס״ (פּאַרך), אויף וועלכער ס׳זענען אין די נאָך־מלחמה יאָרן קראַנק געווען אַ סך קינדער.

ה. ראַכמיל איז דער איניציאַטאָר צו גרינדן פאַר די אָפּגעשוואַכטע קינדער פון די פאָלקסשולן אַ זומער־האַלב־קאָלאָניע אין פּיוואָניער וואַלד. די קינדער ווערן אָװעקגעפירט אויפן גאַנצן טאָג, ווערן דאָרט באַשפּייזט, געפינען זיך אויף פרישער לופט און קערן זיך אום אין אָוונט אַהיים.

ה. ראַכמיל פירט אַ ברייטע מעדיצין־היגיענישע אויפקלער־אַרבעט. ער איז אויך לערער פון היגיענע אין דער אָרטיקער יידישער גימנאַזיע.

אין ערשטן מלחמה־טאָג גייט ה. ראַכמיל מיט זיין פרוי און טאָכטער אָוועק צו פוס פון ווילקאָמיר און נאָך לאַנגע וואָגלענישן קומען זיי אָן אין וויטן טורקעסטאַן.

ער באַקומט אַרבעט אין דער אָרלאָווער אָפּיצערן־שול, וועלכע איז געוואָרן אַהין עוואַקוירט. אין יאָר 1943 שטאַרבט ער.



## אליעזר (לאַזאַר) ראַכמילעוויטש

געבוירן אין יאָר 1893. געענדיקט אין יאָר 1913 די באַוווסטע „קאַגאַנס גימנאַזיע״ אין ווילנע. ער שטודירט מעדיצין אין בערן (שווייץ). אין

יאָר 1919 באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם און זיך באַזעצט אין קאָוונע. אין יאָר 1923 אָפּגעגעבן די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיצינישן פאַ־קולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט און פּראַקטיצירט ווי אַ ספּעציאַ־ליסט פון האַדלז־ נאַז־ און אויערן־קראַנקייטן. געאַרבעט אין „אָזע"־אַמבולאַטאָריע און אין דער קראַנקן־קאַסע, קאָנסולטירט אין קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים". ל. ראַכמילעוויטש איז געווען אַן אַקטיווער ציוניסטישער טוער אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי.

אין יאָר 1934 איז ער עולה קיין ארץ ישראל, ווו ער אַרבעט אַלס אָטאָלאַרינגאָלאָג. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1957 אין תל־אביב.



## מרדכי ראַכעלזאָן

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1905. געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע אין יאָר 1925. געדינט אין דער ליטווישער אַרמיי. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט אין יאָר 1935. זיך באַזעצט אין קליינעם שטעטל גרישקאַבודיס, שאַקיער קרייז.

די ליטווישע באַנדיטן האָבן אים צוזאַמען מיט זיין מוטער דערמאָר־דעט אין די ערשטע מלחמה־טעג, סוף יוני 1941.



## איטע־אסתר (אנא)
רומישיסקי־שקלאָווסקי

געבוירן אין אוקראַינע אין יאָר 1894. געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקול־טעט אין קיעוו, אין יאָר 1917. האָט חתונה פאַר אַ קאָונער יוריסט י. רומ־שיסקי און באַזעצט זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין קאָונע. ספעציאַליזירט זיך אַלס קינדער־דאָקטער, אַרבעט אין דער קראַנקן־קאַסע. פון 1930 איז זי די פאַרוואַלטערין פון דער קינדער־קאָנסולטאַציע פון „אָזע". זי שטעלט זיך אין דער אַרבעט ברייטע אויפגאַבן: אויסלערנען די יידישע מאַמעס ברענגען צום דאָקטער זייערע קינדערלעך ניט נאָר בשעת זיי ווערן קראַנק, נאָר אויך בשעת זיי זענען געזונט, מען זאָל קאָ־נען אָנווענדן פּראָפילאַקטיק.

ווען ליטע ווערט פאַרכאַפּט דורך היטלער־דייטשלאַנד, פאַלט ר. רומ־שיסקי מיט איר משפחה אַריין אין קאָוונער געטאָ. ווי מען דערציילט, האָט עמעצער פאַר גרויסע געלטער זיך אָנגענומען שאַפן דער משפחה שווע־דישע דאָקומענטן, כדי זי זאָל קאָנען אַרויספאָרן. דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע. די משפחה פאַלט אַריין אין געסטאַפּאָ און ווערט דערשאָסן אין יאָר 1942.



## אליהו שאַפּיראָ

געבוירן אין בוטרימאַנץ אין יאָר 1907. געלערנט אין חדר, מיטל־בילדונג באַקומען אין דער קאָוונער העברעישער רעאַל־גימנאַזיע, וועלכע ער פאַרענדיקט אין יאָר 1927. דאַן קומט ער אָן אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, וועלכן ער ענדיקט אין יאָר 1933. שוין ביים דורכמאַכן דעם פּראַקטישן סטאַזש אין קאָוונער יידישן שפּיטאָל „בקור חולים", האָט דער יונגער דאָקטער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע ידי־עות און מיט זיין טיף מענטשלעכער באַציונג צום קראַנקן. ער ציט צו די אויפמערקזאַמקייט פונעם לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר אינערלעכע קראַנקייטן, דעם באַקאַנטן טעראַפּעווט ד"ר א. עלקעס, וועלכער איז זיך משתדל, א. שאַפּיראָ זאָל באַשטימט ווערן פאַר זיין ערשטן אַסיסטענט.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה געלינגט א. שאַפּיראָ מיט זיין פרוי דער קינדער־דאָקטערין ה. שאַפּיראָ־סעגאַלאָווסקי, זיך צו עוואַקוירן. נאָך לאַנגע וואַגלענישן דערקלייבן זיי זיך אין דער טיף פון רוסלאַנד, אין קיראָווער געגנט.

אין יאָר 1945 קערט זיך די משפּחה אום צוריק קיין ליטע און באַזעצט זיך אין ווילנע, ווו א. שאַפּיראָ ווערט באַשטימט פאַר אַ טעראַ־פּעווט אין דער „ספּעץ־פּאָליקליניק".

אַ זייער באַשיידענער מענטש און ערנסטער דאָקטער, ווערט ער הויך געשעצט פון זיינע קאָלעגן און איז באַליבט ביי די קראַנקע.

זומער 1951, זענענדיק אויף אָפּרו אינעם ים־קוראָרט פּאַלאַנגען, קומט א. שאַפּיראָ טראַגיש אום. בעתן באָדן זיך פאַרכאַפּן די ברויזנדיקע כוואַליעס זיין זון און קרובים. ראַטעווענדיק די זיך טרינקענדיקע, ווערט ער אַליין דערטרונקען.



## דוד־מרדכי שוואַרץ

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1871. געלערנט אין אַ חדר, שפּעטער אין גימנאַזיע. צוליב די באַשרענקונגען פאַר יידן איז ער מיט שוועריקייט אַנגעקומען אויף מעדיצין אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. נאָכן ענדיקן ספּעציאַליזירט ער זיך אין מינכען און ווין. קערט זיך אום קיין קאָוונע, וווּ ער פּראַקטיצירט ווי אַ פּרויען־דאָקטער נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און גילט פאַר אַ הויך־קוואַליפיצירטן ספּעציאַליסט. גרויס אָנ־זען, ווי איינער פון די בעסטע פרויען־דאָקטוירים אין ליטע, דערווערבט ער זיך נאָך דער מלחמה. נאָך פאַר דעם, ווי מען האָט אָנגעהויבן ברייטער ריידן און שרייבן וועגן דער אַזוי גערופענער „פּסיכאָפּראָפילאַקטיק פון געבורט", האָט ד. מ. שוואַרץ מיט זיין וואַרעם וואָרט, מיט זיין האַר־ציקייט און מילדער באַציונג געווירקט אויף די געווינערינס און זיי פאַרלייכטערט די ווייען.

ד. מ. שוואַרץ איז געווען מאָביליזירט ווי אַ מיליטער־דאָקטער שוין אין דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג און שפּעטער — אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1916 האָט ער געדינט אין יוריעוו (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו, עסטלאַנד). ער איז דאָרט געוואָרן אַ באַליבטער גאַסט אין אַקאַ־דעמישן פאַראיין פאַר יידישער געשיכטע און ליטעראַטור, וועלכן די יידישע סטודענטן האָבן געגרינדעט. דער דעמאָלט פיל עלטערער פון זיי דאָקטער, האָט זיך געהאַלטן אַזוי פּשוט און חבריש, אַז אין גיכן איז ער אַלעמען געוואָרן נאָענט און טייער.

היות ער איז אַקטיוו געזעלשאַפטלעך, נעמט ד. ד. שוואַרץ אָנטייל אין דער טעטיקייט פון דעם סאַניטאַר־מעדיצינישן אַמט ביים יידישן נאַ־ציאָנאַל־ראַט אין דער נאָכמלחמהדיקער ליטע.

פון זיין יוגנט אָן איז ד. מ. שוואַרץ אַן אַקטיווער ציוניסט. ער איז אַ דעלעגאַט צום צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס. איז איינער פון די גרינדער פון דער באַרימטער קאָוונער מאַפּו־ביבליאָטעק. אַלע יאָרן פון זיין לעבן זאַמלט ער ביכער פאַר דער ירושלימער ביבליאָטעק. זיין שטוב אין קאָוונע איז אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכער צענטער. ווען ח. נ. ביאַליק קומט קיין ליטע, איז ער זיין גאַסט. אויך אַנדערע פּערזענלעכקייטן פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג מיידן ניט אויס זיין שטוב בעת זייערע באַזוכן אין ליטע.

ד. מ. שוואַרץ איז דער אויטאָר פון צוויי ביכער זכרונות אין יידיש און עברית, ווו אויפן סמך פון זיינע פּערזענלעכע איבערלעבענישן ווי אַ דאָקטער און ייד שאַפט זיך אַ בילד פון דער תקופה, אין וועלכער ער האָט געלעבט און איז געווען טעטיק.

אין יאָר 1935 האָט ד. מ. שוואַרץ פאַרווירקלעכט זיין לעבנס־טרוים — ער איז עולה קיין ארץ ישראל, באַזעצט זיך אין תל־אביב, ווו ער איז ממשיך זיין דערפאָלגרייכע מעדיצינישע פּראַקטיק און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

אין יאָר 1950 איז ער געשטאָרבן.



## לעאָ שוואַרץ

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1893. דאָ געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע. אין דער שווייץ שטודירט ער מעדיצין און באַקומט זיין דאָקטער־דיפּלאָם. די מלוכה־עקזאַמענס האָט ער אָפּגעגעבן אין יאָר 1929 אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט.

ל. שוואַרץ איז געווען אַן איבערגעגעבענער „אָזע"־טוער, יאָרן־לאַנג

— אַ מיטגליד פון דער רעוויזיע־קאָמיסיע.

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, געלינגט אים מיט זיין משפחה זיך צו עוואַקוירן אין דער טיף פון רוסלאַנד. דער איינציקער זון פון די דאָקטוירים סטעלאַ און לעאַ שוואַרץ — א יונגער, אָקערשט געענדיקטער דאָקטער, מאַקס (געב. 1920), פאַלט אויפן פראָנט.

נאָך דער מלחמה קערט זיך אום ל. שוואַרץ קיין ליטע, באַזעצט זיך אין ווילנע, ווו ער שטאַרבט פון אַן אינפאַרקט אויף דער אַרבעט אין דער אייזנבאַן־פאָליקליניק אין יאָר 1955.



## סטעלאַ שוואַרץ־פינקעלשטיין

געבוירן אין קאָוונע אין יאָר 1891. דאָ געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. געשטודירט מעדיצין אין דער שווייץ און דאָרט באַקומען דעם דאָקטער־דיפּלאָם. אַויסגעהאַלטן אין יאָר 1924 די מלוכה־עקזאַמענס אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, הויבט זי אָן פּראַקטיצירן אין איר היימשטאָט.

ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין איז די טאָכטער פון באַקאַנטן אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלעכן טוער, דעפּוטאַט פון ליטווישן סיים (פּאַרלאַמענט) עוזר פינקעלשטיין. זי איז איינע פון די מיטגרינדער פון דער געזעלשאַפט „אָזע", אַ לאַנגיאָריקער לעקטאָר אויף די שוועסטער־קורסן פון דער געזעלשאַפט.

דער מלחמה־שטורעם פאַרוואַרפט די דאָקטערין ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין און איר משפחה אין דער טיף פון רוסלאַנד. איר איינציקער זון, אַ יונגער דאָקטער — פאַלט אויפן פראָנט.

ד"ר ס. שוואַרץ־פינקעלשטיין שטאַרבט פריצייטיק אין דער עוואַקואַציע אין יאָר 1945.



## הענעך שטוקאַרעוויטש

געבוירן אין סעריי אין יאָר 1905. זיין פאָטער, הירש, איז געווען אַ לערער אין דער אָרטיקער יידישער פאָלקס־שול. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט די משפחה פאַרוואָגלט אין אוקראַינע. פאַר די אויגן פון דער גאַנצער משפחה זענען פאָרגעקומען אין דער אוקראַינישער שטאָט סקווירע אַ סך פאָגראָמען, דורכגעפירט פון פאַרשיידענע אוקראַינישע און ווייסגוואַרדייאישע באַנדעס.

אין יאָר 1921 קערט זיך אום די משפחה שטוקאַרעוויטש קיין ליטע און באַזעצט זיך אין פרען. דער פאָטער ווערט אַן אַנגעשטעלטער אין דער אָרטיקער ביר־ברויערײַ. די רוסישע שפּראַך ווערט פאַרביטן מיט יידיש און עברית. הענעך הייבט אָן זיין לערנען פון דאָס ניי. ער מאַכט דורך עקסטערן־עקזאַמענס אין דער אָרטיקער ליטווישער גימנאַזיע, וועלכע ער פאַרענדיקט אין 1928. אין זעלבן יאָר קומט ער אָן אין קאָוונער אוניווערסיטעט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. שטודירנדיק האָט הענעך אַקטיוו אָנטייל גענומען אין געזעלשאַפט־פאָליטישן לעבן: ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי, איז געווען אין די רייען פון „ברית החיל" ווי אויך אין דער ציוניסטישער סטודענטן־קאָרפּאָראַציע „בר־גיורא".

נאָכן פאַרענדיקן זיין שטודיום און נאָכן מיליטער־דינסט באַזעצט זיך דער יונגער דאָקטער צוזאַמען מיט זיין פרוי זינאַ אין דעם ליטווישן שטעטל טראַשקון. נאָכן טויט פון זיין מוטער אין יאָר 1940 פאָרט ער אַריבער אין זיין היימשטעטל פרען, וווּ ער עפנט אַ פריוואַטע קליניק, אויך אַרבעט ער אין דעם אָרטיקן קראַנקן־הויז.

אויף צו מאָרגנס נאָכן אויסברוך פונעם דייטש־סאָוועטישן קריג

פאַרלאָזט ער זיין וווינאָרט פרען צוזאַמען מיט זיין משפחה און פאָטער. זיי לויפן פון די דייטשן. נאָך גרויסע וואָגלענישן דערגרייכן זיי מיטל־אַזיע און באַזעצן זיך אין דער שטאָט קערמינע. אין אַפּריל 1943 ווערט ה. שטוקאַרעוויטש אַרעסטירט. מען באַשולדיקט אים אין ציוניסטישער און אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע. ער ווערט פאַרמשפּט צו 8 יאָר צוואַנגס־לאַגערן. אין אָקטאָבער 1944 באַקומט זיין משפחה אַ מיטטיילונג פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע, אַז הענעך איז געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקייט. ערשט אין 1949, ווען זיין יינגסטער ברודער אברהם האָט זיך ווי אַן אסיר־ציון געפונען אין דער שרעקלעכער תפיסה „לוביאַנקאַ", אין מאָסקווע, איז אים באַקאַנט געוואָרן פון די צוגעשטעלטע דאָקומענטן, אַז הענעך איז געשטעלט געוואָרן אין לאַגער פאַר אַ קריגס־געריכט און איז פאַרן „פּרווו צו אַנטלויפן קיין ישראל", פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.



## ליאָווע (לוי) שטיין

**געבוירן אין יאָר 1911 לעבן לאָמזשע (פּוילן). נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג האָבן זיינע עלטערן זיך באַזעצט אין מאַריאַמפּאָל. אין יאָר 1928 האָט ל. שטיין געענדיקט די מאַריאַמפּאָלער העברעישע גימנאַזיע, אין וועלכער ער האָט באַקומען אַ יידיש־נאַציאָנאַלע און וועלטלעכע דערציונג. אין יאָר 1935 ענדיקט ער אין קאָוונע מעדיצין. אַרבעט אין שטעטל פּאָנעמונעליס, דערנאָך אין קלייפּעדע.**

ווען די דייטשן האָבן צוגענומען פון ליטע דעם קלייפּעדער געביט, איז ער אַריבערגעפאָרן קיין קאָוונע און באַקומען אַרבעט אין דער אוניווערסיטעט־קליניק. בעת דעם ערשטן סאָוועטניאָר אין ליטע אַרבעט ער אַלס הויפּט־דאָקטער אין דער פּאָליקליניק פונעם ניעמאַן־פּלאַט.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן היטלער־דייטשלאַנד און דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, געלינגט אים זיך צו עוואַקוירן אין דער טיף פון רוסלאַנד.

ער ווערט מאָביליזירט אין דער אַרמיי — אין דער 16טער ליטווישער דיוויזיע, און ווען ס'ווערט געשאַפן אין מאָסקווע דער צענטראַלער שטאַב פון דער ליטווישער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג, ווערט ער פון דער דיוויזיע אָפּגערופן און באַשטימט פאַרן ממונה אויף דער פאַרזאָרגונג פון די ליט־ווישע פאַרטיזאַנישע אָטריאַדן מיט מעדיקאַמענטן און מעדיצינישע אינ־סטרומענטן.

אין יאָר 1944 קערט זיך ל. שטיין אום קיין ליטע און אַרבעט ביז 1946 אין אַ מיליטערישן קראַנקנהויז. דערנאָך איז ער אַ לעקטאָר אויף דער מיליטערישער קאַטעדרע פון ווילנער אוניווערסיטעט.

אין עלטער פון 38 יאָר איז ל. שטיין אינעם יאָר 1950 געשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקייט.

# ביבליאָגראַפיע

בקור חולים, זאמלבוך פון יידישן שפּיטאָל אין קאָוונע, 1939.
גאַר, יוסף: אומקום פון יידישער קאָוונע, אַרויסגעגעבן דורכן פאַרבאַנד פון ליטווישע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, מינכען, 1948.
גרפונקל, ל.: קובנה היהודית בחורבנה, יד ושם, ירושלים, תשי״ט.
דבורז׳צקי, מ., ד״ר: מחנות היהודים באסטוניה, יד ושם, ירושלים, תש״ל—1970.
דער ליטווישער ייד, אַרויסגעגעבן דורך דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון ליטווישע יידן, ניו־יאָרק, מערץ, 1945.
„ד״ר שמואל אַלעקסאַנדער ליבאָ״, ווילנע—תל־אביב, צום אָנדענק פון ד״ר אַלעקסאַנדער ליבאָ ז״ל. אַרויסגעגעבן דורכן פאַרבאַנד פון ווילנער אין ישראל. תשל״ב—1972.
היכל ששקע, בעריכת י. יבלוקובסקי. יוצא לאור ע״י אירגון בוגרי הגמנס־יון העברי בקובנה, תל־אביב 1962.
ילקוט מורשת, כתב־עת לתיעוד ועיון, חוברת י״ז, שבט תשל״ד, פברואר 1974.
יעלין, מ.: זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, מאָסקווע 1972.
יעלין, מ., געלפּערן, ד.: פּאַרטיזאַנער פון קאָונאַסער געטאָ, מאָסקווע, 1948.
ירושלמי, א.: פנקס שאבלי, יומן מגיטו ליטאי, מוסד ביאליק ו„יד ושם״, ירושלים, תשי״ח—1958.
ליטע, בוך איינס. רעדאַגירט פון ד״ר מענדל סודאַרסקי, אוריה קאַצענע־לענבאָגען, י. קיסין, אַרויסגעגעבן פון „קולטור־געזעלשאַפט פון ליטווישע יידן״, ניו־יאָרק, 1951.

סעגאַלסאָן, מ.: מיינע זכרונות, העקטאָגראַפישע אויסגאַבע, פתח־תקוה.

פרץ (פערציקאָוויטש), א., ד״ר: דעם גורל אַנטקעגן (רשימות פון אַ דאָקטער), יאָהאַנעסבורג, דרום אַפריקע, 1952.

פאַרן פאָלקס־געזונט, צום פופצניאָריקן יובל פון דער טעטיקייט פון „אָזע״. רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום: ד״ר מעד. ל. פינקעלשטיין, ד״ר מעד. ב. בליודז, ד״ר מעד. י. איפ, ד״ר ל. ח. יפה, קאָונאַס, 1937.

שריפטלעכע און מינדלעכע גביית־עדות פון אַ צאָל פערזאָנען, דאָס רוב דאָקטוירים, פון לאַנד און אויסלאַנד.

Biziulevičius, S. ir Kutorga, V.: **Iš ligoninių raidos Lietuvoje XVIII a. pabaigoje — XX a. pradžioje.** "Iš mokslo istorijos Lietuvoje", t. 1, 1961.

Куторгене Елена, КАУНАССКИЙ ДНЕВНИК. 'Дружба народов', №. 8, 1968, Москва.

**Lietuvos Medicinos, Veterinarijos ir Farmacijos įstaigų ir personalo sąrašas.** Sveikatos departamento oficialinis leidinys, 1937.

**Masinės žudynės Lietuvoje.** Dokumentų rinkinys. I dalis. Leidykla "Mintis", Vilnius, 1965.

**"Medicina"**, žurnalas, 1939 m. rugpiūčio mėn. No. 8.

**Nacionalistų talka hitlerininkams. Leidykla "Mintis"**, Vilnius, 1970.

**Vernichtung der Juden in Litauen.** Tatsachen aus den Jahren 1941—1945. Aufgestellt M. Segalson, Tel-Aviv, 1959.

## ווערטער פון ד״ר בנימין בלידז

ד״ר בנימין בלידז איז געבוירן געוואָרן דעם 22טן דעצעמבער 1893 אין פּאָנעוועזש. פון 1894 האָט די משפּחה בלידז געלעבט אין ביאַליסטאָק. אָנהויב 1908 באַזעצט זי זיך אין צאַרסקאָיע סעלאָ (לעבן פּעטערבורג) אויף די רעכט פון האַנטווערקער. בנימין קומט אָן אין אַ גימנאַזיע. ענדיקט זי אין 1912.

אַזוי ווי ס׳געלינגט אים ניט אָנצוקומען אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט, פּאָרט ב. בלידז שטודירן מעדיצין אין בערלין. דאָ ווערט ער טעטיק אין דער ציוניסטישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „החבר״ און אינעם „פּאַראיין פון די יידישע שטודירנדע פון רוסלאַנד״. אָנהויב 1916 זעצט ער פּאָר זיין שטודיום אין יוריעווער (דאָרפּאַט, איצט טאַרטו — עסטלאַנד) אוניווערסיטעט, ווו ער איז אַ מיטגליד פון „אַקאַדעמישן פּאַראיין פאַר יידישער געשיכטע און ליטעראַטור״.

בעת די דייטשן באַזעצן יוריעוו, פּאָרט ער מיט זיין פרוי, ליובע זאַבלאָדאָווסקי, אַריבער אין איר געבוירנשטאָט ביאַליסטאָק, ווו ער נעמט אַרבעטן אין דער געזונטהייט־אָפּטיילונג פון דער קהילה און אין אַנדערע ערטער. ווען די סאָוועטן טרעטן אָפּ פון ביאַליסטאָק, דערקלייבט ער זיך אין יאָר 1920 ביז פּעטראָגראַד, גיט אָפּ די מלוכה־עקזאַמענס אויף דאָקטער אינעם אינסטיטוט פאַר מעדיצינישע וויסנשאַפטן.

ווי אַ „פּאָנעוועזשער מעשטשאַנין״ באַקומט ב. בלידז אין 1921 די דערלויבעניש זיך צו באַזעצן אין ליטע, קומט קיין קאָוונע און נעמט אַרבעטן אין סאַניטאַר־מעדיצינישן אָמט ביים יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, שפּעטער אויך ווי דער פאַרוואַלטער פון סאָציאַלן אַמט ביים מיניסטעריום פאַר יידישע ענינים.

סוף 1921 ווערט אין קאָוונע געגרינדעט די געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ליטע — „אָזע״. ב. בלידז איז איינער פון אירע גרינדער און לאַנגיאָריקער לייטער. ער איז דער דירעקטאָר פון די שוועסטער־קורסן ביי דער געזעלשאַפט, פאַרוואַלטער פון דער „אָזע״־אַמבולאַטאָריע. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער טעטיקייט פון די אַלגעמיין־ליטווישע מעדיצינישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס, ווי דער „פאַרבאַנד צום שוץ פון מוטער און קינד״, די געזעלשאַפט צו באַקעמפן טובערקוליאָז א.א. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין דער אָרטיקער יידישער פרעסע, אין ווילנער „פאָלקס־געזונט״, אין ליטווישן זשורנאַל „מעדיצינאַ״.

אין די יאָרן 1928/29 האָט ב. בלידז זיך ספּעציאַליזירט אין ווין פאַר אַ האַלדז־ נאָז־ און אויערן־דאָקטער און דערנאָך פּראַקטיצירט אַלס אַזאַ. אָבער זיין עיקרדיקע אַרבעט ווי אַ דאָקטער און געזעלשאַפטלעכער טוער האָט ער באַטראַכט „אָזע״. פאַר איר טעטיקייט האָט ער געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אין אַלע שיכטן פון ליטווישן יידנטום. ער איז געווען מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון וועלט־פאַרבאַנד פון „אָזע״ און זיך מערערע מאָל באַטייליקט אין אירע וועלט־קאָנפערענצן אין בערלין און פּאַריזש.

ב. בלידז האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין די הילפס־קאָמיטעטן לטובת די יידישע פליטים פון היטלער־דייטשלאַנד און בעיקר פוילן, ווען זי איז פאַרכאַפּט

געוואָרן דורך די נאַציס. ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פונעם הילפס־קאָמיטעט פאַר פליטים — „דאָקטוירים פאַר דאָקטוירים".

נאָך ליקווידירן „אָזע" דורך די סאָוועטן אין 1940 ווערט ב. בלידז באַשטימט פאַרן פאַרוואַלטער פון מעדיצינישן אָפּטייל ביים אינערן־קאָמיסאַריאַט. זיין דאָזיקן פאָסטן האָט ער ניט איין מאָל אויסגענוצט צו העלפן יידן.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די סאָוועטיש־דייטשישע מלחמה האָט ער אָרגאַניזירט די עוואַקואַציע פון אַ ריי יידישע משפחות אין דער טיף פון רוסלאַנד. אַליין האָט ער זיך דערקליבן ביזן אוראַל, געאַרבעט אין דער שטאָט פערם.

נאָכן פאַרטרייבן די נאַציס האָט ב. בלידז זיך באַזעצט אין ווילנע. אין אויגוסט 1944 האָט ער צוזאַמען מיט א. סוצקעווער און א. קאָוונער אונטערגעשריבן דעם מעמאָראַנדום צו די אָנפירערס פון סאָוועטן־ליטע וועגן הילף פאַר די לעבגעבליבענע יידן און בעיקר וועגן גרינדן אין ווילנע און קאָוונע קינדערהיימען, און שולן פאַר די געראַטעוועטע פון טויט יידישע קינדערלעך. ווען די דאָזיקע אַנשטאַלטן ווערן געגרינדעט, איז ב. בלידז דער פאָרזיצער פונעם עלטערן־קאָמיטעט אין ווילנע צו העלפן זיי אין דער אַרבעט. אין רעזולטאַט פון זיין יידיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט ווערט ער באַזייטיקט פון זיין מעדיצינישן פאָסטן אין אינערן־קאָמיסאַריאַט.

פון 1946 ביז 1957 איז ב. בלידז געווען דירעקטאָר פונעם רעפובליקאַנישן אַנשטאַלט פאַר היגיענישער אויפקלערונג. וועגן מעדיצינישע און סאַניטאַרע פראַגן האָט ער אַרויסגעלאָזט אייניקע בראָשורן אין ליטוויש און געהאַלטן רעפעראַטן אויף קאָנפערענצן אין ווילנע און מאָסקווע. אין יאָר 1947 באַקומט ער דעם טיטל „פאַרדינסטפולער דאָקטער פון סאָוועטן־ליטע".

אין יאָר 1957 האָט ב. בלידז געמאַכט אַן אומגעלונגענעם פרווו צו פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד. אין רעזולטאַט דערפון האָט ער געמוזט רעזיגנירן פון יעטווידער אָנפירנדיקער אַרבעט. ער איז באַשעפטיקט ווי אַ געוויינלעכער אָטאָלאַרינגאָלאָג אין אַ ווילנער שפיטאָל. אין יאָר 1971 איז ב. בלידז עולה געווען.

תמיד אַ געזעלשאַפטלעך אַקטיווער מענטש, קאָן ער, ניט געקוקט אויף זיין טיפן עלטער, אויך אין ישראל ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. ער דרוקט אין דער פרעסע אַרטיקלען, אין וועלכע ער באַרירט אַקטועלע מעדיציניש־היגיענישע און געזעלשאַפטלעכע פראָבלעמען. ער טוט ווייטער אַרום דעם בוך „דער גורל פון יידישן דאָקטער אין ליטע", פאַר וועלכן ער האָט אין משך פון די לעצטע יאָרן געקליבן מאַטעריאַל. פילנדיק אַ מאָראַלישן חוב לגבי זיינע פון גורל פאַרשניטענע קאָלעגן, מיט וועלכע ער איז יאָרנלאַנג געשטאַנען אין קאָנטאַקט, האָט ער געוואָלט אויף אַ וועלכן ניט איז אופן פאַרהיטן זייער אָנדענק.

אַ דאַנק זיין זעלטענעם זכרון און פלייס האָט ב. בלידז אויפגעזאַמלט אַ ים אינפאָרמאַציע וועגן הונדערטער יידישע דאָקטוירים, וועגן זייערע פראָפעסיאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע אויפטוען. די דאָזיקע אַרבעט, אָנגעשריבן אין אַ זאַכלעכן, היסטאָריש־וואָרהאַפטיקן טאָן, איז אָן ספק אַ געהעריקער בייטראָג צו דער געשיכטע פון די יידן אין ליטע.

**איגוד יוצאי ליטא בישראל**

אליהו סעגאַל • וואָלף ווינדזיבערג • יצחק לעוויטאַן • מענדל סודאַרסקי

לאַזאַר פינקעלשטיין • יעפים (אפרים) ראַבינאָוויטש • מאָיסיי־לעאָן קאַגאַן

מאַקס גילדע • סטעלאַ שוואַרץ־פינקעלשטיין • ניסן לעווין • אליהו מאַטיס

לאַזאַר עפשטיין • דאָרע ראַכמיל • שעוועל (שאול) קאַבאַקער • באָריס גאָלדענגיים

אליעזר קלינג • מרדכי ראָבעלזאָן • אהרון פיק • סאָפיע קאַמבער • אליהו לעווין

חיים פינקעלשטיין • רבקה קלאַוואַנסקי־ליימאַן • יצחק פיין • משה עפשטיין

יצחק ראָזענהאָלץ • אורי ראָזאָווסקי • חיים-מאיר איציקסאָן • ברוך פליישמאַן

די ברידער קאַרלינסקי • רבקה קאַפּלאַן־מאָלק (סלאָון) • עמע קאַנטאָר־ברוידע

אליהו שאַפּיראָ • איטע־אסתר (אנא) רומשיסקי־שקלאָווסקי • חיים ראַכמיל

דוד־מרדכי שוואַרץ • אליעזר (לאַזאַר) ראַכמילעוויטש • אברהם־בער קאַפּאַר